# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz
Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



**Feynman, Z. (Zigmunt). Azarya giber hayil = der toppere held: historishe operete in fir akten. Lemberg, [1908].**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1873.17

**Feynman, Z. (Zigmunt), 1862-1919.**
Azarya giber hayil = der toppere held: historishe operete in fir akten.
Lemberg : D. Roth , 669 [1908]
52 p.; 22 cm.
YIVO Perl. copy bound with: Der ligner.

1. Yiddish drama.—lcsh.
I. Ukraine-Lviv.

ID: NXYH01-B21061 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106052b

Reduction ratio x 10.0.

# עֲזַרְיָה
# גִבּוֹר חַיִל

## (דֶער טַאפְּפֶערֶע הֶעלְד)

**היסטארישע אָפּערעטטע אין 4 אקטען.**

פָאן

**ס. פיינמאן.**



פערלאַג פאָן דוד ראָטה בוכהאַנדלונג אין לעמבערג.

---

**ASARIA der TAPFERE HELD**

**Historische Opperete in 4 Acten von S. FEINMANN.**

Verlag von D. ROTH, Buchhandlung Lemberg 1908.

Druck von E. SALAT, Lemberg.

## פערזאנען :

פקח מלך ישראל.

אליעזר איין אלטער שר הצבא

עזריה גבור חיל. | זיינע קינדער,
--- | ---
יהודית שפעטער פרינצעסין עניקסאס |

חניגה זייער דיענער.

חנה זייער קאמערמעדכען.

עזריקם אליעזר'ס נעפֿעץ.

אסנת פרינצעסין פאן יהודה.

יהושפט כהן גדול אין ירושלים

תמר אסנת'ס קאמערמעדכען

זבלון איין בויער.

אנסון אסנת'ס ברודערס קינד:

בהנים — לוים — יודישע סאלדאטען — עגיפטישע סאלדאטען — פאלק — (עטצ).



# ערשטער אקט.

(לינקס פאם געבירגע אליעזר'ס הויזאיינגאנג).

(קאהר געווענדעט צום שלאסס).

קאהר : הייל היול דיינעם פאטער,
דעם גראסען שטארקען העלד,
בעגריסט איהם מיט בלומען,
געבענשט זאל זיין דער נאמען,
פאן אונזער שר הצבא,
האך לעבע דער גראסע העלד!
שרייט האך!

(אויפטריט יהודית בייא דער מהיר אנהעהע).

יהודית : עמפפאנגעט פאן מיינעם הערצען מיינען דאנק!

קאהר : הערט פאן דער הערדין הערט איהר זיסעם געזאנג!

יהודית : עמפפאנגעט פאן מיינעם הערצען מיינען דאנק!
איירע קרענצע אייערע בלומען,
אייערע קרענצע אייערע בלומען,
ליעב איז מיר דאס געשאנק.

קאהר : הערט דאס געזאנג הערט!

יהודית : זייט בערייט! זייט בערייט!

קאהר : וויר זינד בערייט

יהודית : זייט בערייט!

קאהר : וויר זינד בערייט.

יהודית : יא אלע היינט, זייט בערייט!

קאהר : אלע היינט יא בערייט, וויר זינד בערייט צו יעדער צייט
(אבגעהענד) מיט גאט! (אב)

(אויפטריט חנינא פלעכט איין קראנץ)

**חנינא:** דער רוח האט מיך אנגעטראגען, בין איך געקומען צו פליהען, אפשר דארפט איהר מיך? אט בין איך דא! אט פלעכט איך מיר א קרענצעל — און טאמער ווילט איהר? גיב איך גאר א טענצעל: איי! מיין גנעדיגער הערר דער אלטיטשקער ר' אליעזר רופט מיך דער משוגענער חנינא. אה ניין: איך בין נישט משוגע, נור דער הערשער און דאס פאלק זייא זענען משוגע: וואס האבען זייא אויף איהם אזוינס דערזעהן? וואס איז? אונזער לאנד האט שוין נישט מעהר קיין גרעסערע העלדען? אט למשל איך? נא יא! צו־וואס טויג מיר מיין גבורה, אז דיא הונד לאזען מיך גאר צום פסוק נישט צו. געוואלד! וואס טהוט מען? נא יא: וואס טהוט מען? אז מען נעמט א העלד און מען פערשפארט איהם אין א שטייג. געה שלאג זיך, אז איך האב נישט מיט וועמען. נור מאנכעס מאל, אז איך ווער אנגעזאפט מיט גבורה און דער העלד צוקאכט זיך אין מיר. אזוי לויף איך ארויס אויפן פעלד און הייב מיך אן צו טשעפען צו דיא פאסטעכער. אוי, אוי, זאלט איהר זעהן וואס דארט טהוט זיך? וויפיעל פעטש — וויפיעל קלעפ — וויפיעל טראסק — וויפיעל קולאקעס עס איז נור דא אויף דער וועלט, דיא אלע חאפ איך אויס. דאס איז אבער נאך נישט געדרינגען, אז איך בין נישט קיין העלד, וויל דיא פאסטעכער זענען דאך גראבע יונגען, זייא וייסען עפים פון תכסיסי מלחמה? ער הייבט אויף דיא לאבע און גיבט א קנאק אין קאפ. איז דאכט זיך גענוג שעהן פון מיר, אז איך קען עס אויסהאלטען. אוי! עס ברעכען מיך טאקע אלע גליעדער, אבער א העלד בין איך דאך! איבריגענס וואס האב איך מיך צורעדט פון מיר אליין? עפים עזריה, דעם בע"ב זוהן ער איז דאך געוויס א העלד? איהם לאזט מען דען יא ווייזען זיינע העלדענטהאטען? אזוי איז דיא וועלט; יעדער פערזארגט נור זיך, פאר דעם צווייטען זאל זיך גאט זארגען, חנינא נישט געפלעפט! (ער זינגט)



I.

זעהט איהר מיך חנינא'לע?
דאכט זיך נישט אזא געוואלד,
פאר מיין בייז מיענעלע,
אנטלויפט איעדער באלד.
נור דיא בעזע פאסטעכלעך,
שינדען פון מיר מיין הויט,
מאכען מיר דאס קבר'ל,
ברעכען מיר יעדעס אבר'ל,
אה! דיא גראבע יונגלעך,
מאכען מיר דעם טויט.
עס העלפט נישט דיא חנדעלעך,
מיין ווערטעלע נור טרעפט.
כל זמן דוא האסט נאך ביינדעלעך,
חנינא: נישט געפלעפט.

II.

זעקם ליעבעס שפיעלט א מיידעלע
און גיבט זיך גאר קיין מיה,
איעדער מאכט א קליידעלע,
און זיא נעמט אלעס צו.
אלע מאל א פריש פרעזענטעלע
ברענגט איין אנדערער נאר,
א שירמ'ל, א פעבער'ל,
א הענטשקעלע, א שלייער'ל,
א קוש טהון אין דעם הענטעלע
לאזט זיא זיך דערפאר.
ציפזשע יונגע לייטעלעך,
עס איז א וואויל געשעפט.

כָּל זְמַן זַייא הָאבֶּען בַּייטֶעלֶעךְ,
זייאָזשֶׁע נִישְׁט גֶעפְּלֶעפְּט.

III.

צוּ אַ מֵיידֶעלֶע אַ בַּעַל שֵׂכֶלֶ'ע,
שַׁארְט זִיךְ צוּ אַ יוּנְגֶער מַאן,
מִיט זַיין פְּלַאטְשִׁיק מֵייכֶעלֶע,
ווִיל עֶר נוּר אִיהְרֶער זַיין.
פוּן דֶער מַאמֶעס קַאסֶע גְרֵייצֶערְלִיךְ,
שְׁלֶעפְּט עֶר אָהְן אַ שִׁיער,
פַאר אִיהְר יֶעדֶען חֶנֶדֶעלֶע,
לֶעקְט זִיא אָב אַ פֶּעט בֵּיינְדֶעלֶע,
און עֶר שְׁלִינְגְט דָאס סְלִינֶעלֶע,
בִּיז עֶר קֶען אַ קוּשׁ טְהוּן אִיהְר,
פוּן דֶער קַאסֶע קְלִינְגֶערְלֶךְ,
שְׁלֶעפְּט עֶר וָאס עֶר טְרֶעפְּט,
כָּל זְמַן דוּא הָאסְט נָאךְ פִינְגֶערְלֶךְ,
זַייאָזשֶׁע נִישְׁט גֶעפְּלֶעפְּט. (אָב)

(אויפטריט יהודית און עזריקם).

**יהודית:** מֵיין עַזְרִיקָם! אִיזְט עֶס קֵיין טְרוֹים? דִיךְ אוּמַארְמֶע אִיךְ ווִיעדֶער, גֶעלִיעבְּטֶער מֵיינֶעס הֶערְצֶענְס? אָה! דִיעֶזֶעס הֶערְץ קָאכְט אוּנְד בְּרוֹיזְט אָהְנֶע אוֹיפְהֶער! זַאגֶע עַזְרִיקָם! וַואס אִיזְט מִיט מֵיינֶעם הֶערְצֶען גֶעשֶׁעהְן?

**עזריקם:** עֶס אִיזְט דַאפִיר, ווַייל אִיךְ בִּין דֶער עֶרְסְטֶע מַאן, וֶועלְכֶען דֵיין הֶערְץ הַאט צוּ לִיעבֶּען גֶעלֶערְנְט! אוּנְד דִיא עֶרְסְטֶע לִיעבֶּע, אִיבֶּערְהוֹיפְּט בֵּייא פְרוֹיעֶן, אִיזְט גֶעוֶועהְנְלִיךְ דִיא מֶעכְטִיגְסְטֶע, ווִיא אוֹיךְ דִיא זִיעסֶעסְטֶע!

**יהודית:** יַא! דוּא הַאסְט רֶעכְט מֵיין טְהֵייעֶרֶער! עֶס אִיזְט דִיא עֶרְסְטֶע.



אוּנְד עֶס זָאל אוֹיךְ דִיא לֶעצְטֶע זַיין! אַבֶּער זַאגֶע מִיר, לִיעבְּסְט דוּא מִיךְ עֶבֶּען זָא שְׁטַארְק, זָא הֵייס, זָא אִינִיג, ווִיא אִיךְ דִיךְ?

**עזריקם:** אָב אִיךְ דִיךְ לִיעבֶּע? אָה יְהוּדִית! הֶעטְטֶעסְט דוּא גֶעווּאוּסְט ווִיא אִיךְ מִיךְ נַאךְ דִיר זֶעהְנֶע, ווִיפִיעל מִיךְ קָאסְטֶעט אֵיין יֶעדֶער אוֹיגֶענְבְּלִיק ווַאן אִיךְ דִיךְ נִיכְט זֶעהֶען קַאן, דַאן, הֶעטְטֶעסְט דוּא נִיכְט גֶעצְווֵייפֶעלְט אַן מֵיינֶער לִיעבֶּע צוּ דִיר.

**יהודית:** אָה! הַאלְט אֵיין! אִיךְ פִיהְלֶע דַאס מֵיין הֶערְץ בְּרִיכְט פַאר פְרֵיידֶע, דוּא לִיעבְּסְט מִיךְ זָא הֵייס? עַזְרִיקָם! ווֶערֶע אִיךְ אֵיינֶע גֶעטְטִין, קֶענְנְטֶע אִיךְ אוֹיךְ קֵיין גְרֶעסֶערֶעס גְלִיק עֶרְלַאנְגֶען! (טראמפעטענשאלל)

**עזריקם:** מֵיין גָאט! עֶס אִיזְט שָׁאן זָא שְׁפֶּעט, ווִיר הַאבֶּען גַאנְץ פֶערְגֶעסֶען! בַּאלְד ווִירְד זִיךְ דַאס גַאנְצֶע פָאלְק צוּזַאמֶּען קָאמְמֶען, אוּם דֵיינֶען פַאטֶער גְלִיק צוּ ווִינְשֶׁען צוּ זֵיינֶער ווִיעדֶערְוֶועהְלוּנְג אַלְס שַׂר הַצָּבָא פָאן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד ווִיר מִיסְסֶען אוּנְז פָארְבֶּערֵייטֶען. גֶעה מֵיין קִינְד! בֵּייא דֶער גְלֶענְצֶענְדֶער פַּארַאדֶע זֶעהֶען ווִיר אוּנְז ווִיעדֶער!

**יהודית:** נָאךְ אֵיין בְּלִיק . . . אָה! מֵיין גֶעלִיעבְּטֶעס הֶערְץ! (קישט איהם) (אָב)

**עזריקם:** (איהר נאכבליקענד) זִיא הַאט מִיךְ ווִירְקְלִיךְ לִיעב! אִיךְ אַבֶּער זִיא? פּוּי! נַאר נִיכְטְס! אַרְמֶעס מֶעדְכֶען, אִיךְ בֶּעדוֹיעֶרֶע דִיךְ!.. אָה נֵיין! נִיכְט דִיךְ צוּ הֵייראַטֶען אִיזְט מֵיין צִיעל, דֵיין פַאטֶערְס שְׁטֶעלְלֶע ווִילְל אִיךְ! אִיךְ ווֵייס דַאס דֶער אַלְטֶער הַאט אֵיין טֶעסְטַאמֶענְט פֶערְטִיג, דַאס נַאךְ זֵיינֶעם טָאדֶע זָאל אִיךְ זֵיינֶע שְׁטֶעלְלֶע פֶערְטְרֶעטֶען, דַאפִיר הַאבֶּע אִיךְ אִיהְם נַאטִירְלִיךְ פֶערְשְׁפְּרָאכֶען, זֵיינֶע טָאכְטֶער צוּ הֵייראַטֶען, אַבֶּער דַאס דוֹיעֶרְט צוּ פִיעל! דֶער אַלְטֶער לֶעבְּט מִיר צוּ לַאנְגֶע, אוּנְד דִיא פְרִינְצֶעסִין פָאן יֶערוּזַאלֶם עֶרְווַארְטֶעט מֵיינֶע אַנְקוּנְפְט. אַבֶּער קַאן אִיךְ דֶען קָאמְמֶען אָהְנֶע טִיטֶעל? אוּנְד דֶער אַלְטֶער, ווֶער ווֵייסְט ווִיא לַאנְג עֶר ווִירְד נָאךְ לֶעבֶּען? זַיין טֶעסְטַאמֶענְט מוּס אִיךְ בֶּעקָאמֶען, אוּנְד וַואס זָאל אִיךְ דַאפִיר? אִיהְם עֶרְמָארְדֶען?... שְׁ שְׁ שְׁ שְׁ ווֶענְדֶע הַאבֶּען אוֹיעֶרֶען... אִיךְ הַאבֶּע עֶס! דֶער פְּלַאן אִיזְט פֶערְטִיג! (אַב)

(אויפטריט מיליטער, קאָהר, פאָלק, כהנים, לוים, פאָהנענטרעגער, קעניג, אליעזר, יהודית און עזריקס).

**קאָהר:** ווילְלְקאָמְמֶען זֵייא אונזֶער גְרָאסֶער הֶעלְד,
ווילְלְקאָמְמֶען זֵייא אונזֶער שַׂר הַצָבָא!
אֵיין פֵייעֶרְטַאג זָאל הֵייטֶע זֵיין,
בֶּעגְרִיעסְט דֶעם הֶעלְד אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה.

**קעניג:** צו דֵיינֶער ווִיעדֶערוֶועהְלוּנג, אַלְם שַׂר הַצָבָא אִין מֵיינֶעם לַאנְדֶע,
אֱלִיעֶזֶר! מַיין רֶעכְטֶע הַאנְד בִּיזְטוּ יֶעצְט.

**יהודית:** מִיט אַ קְרֶענְצֶעל,
מִיט אַ קְרֶענְצֶעל, מִיט גֶעזַאנְג.

**קאהר:** גֶעזַאנְג.

**יהודית:** דַאס גֶעשַׁאנְק,

**קאהר:** גֶעשַׁאנְק.

**יהודית:** דִיעזֶען לָארְבֶּערקְרַאנְץ,
עֶמְפְּפַאנְגֶע פָאן מִיר,
דַאס לַאנְד בֶּעפְרֵייט הַאסְטוּ פַאטֶער,
גְרָאסֶער זִיעגֶער,
בֶּעגְרִיעסְט מִיט יוּבֶּעל,
אונזֶער גְרָאסֶען שַׂר הַצָבָא,
אונזֶער לַאנְד גֶערֶעטְטֶעט הַאט עֶר,
דָאךְ אַלֵיין אִין דֶער שָׁעָה,
זִינְגְט מִיט צוּזַאמְמֶען,
אונזֶער הֶעלְד אִיז שׁוֹין דָא,
זִינְגְט אַלֶע יֶעצְט מִיט מִיר בָּרוּךְ הַבָּא.

**קאהר:** זֵייא גֶעגְרִיעסְט דוּא הֶעלְד אֱלִיעֶזֶר,
דוּא הַאסְט דָאךְ פֶערְדִיענְט אונזֶער דַאנְק,
לוֹיבְּט זֵיין נַאמֶען יֶעצְט צוּזַאמְמֶען,
לֶעבֶּען זָאל עֶר, לֶעבֶּען לַאנְג.



זָאל לֶעבֶּען לַאנְג,
זָאל לֶעבֶּען לַאנְג, לֶעבֶּען לַאנְג!

**קעניג:** (פראָזא) פָאלְק אוּנְד סָאלְדַאטֶען! אִיךְ עֶרְקְלֶעהְרֶע אֵייךְ הִיער פְרֵייא, דַאס דִיעזֶער ווִירְדִיגֶע גְרֵייז אִיזְט דֶער שְׁטָאלְץ אוּנזֶערֶער קְרָאהְנֶע! דַארוּם רוּפְט אַלֶע מִיט מִיר: הָאךְ לֶעבֶּע דֶער טַאפְּפֶערֶע הֶעלְד אֱלִיעֶזֶר!

**אללע:** הָאךְ!

**אליעזר:** מֵיין קֶעניג! דֶער יֶעצְטִיגֶע מָאמֶענְט עֶרִינֶערְט מִיךְ, דַאס אִיךְ אֵיין אַלְטֶער מַאן בִּין, דֶען אַנְשְׁטַאט וָוארְטֶע פִיהְלֶע אִיךְ טְרֶעהְנֶען אִין מֵיינֶען אויגֶען! יַא מֵיינֶע פְרֵיינְדֶע! הֵייטֶע הַאבֶּע אִיךְ דִיא הֶעכְסְטֶע שְׁטוּפֶע מֵיינֶעם גְלִיקֶעם עֶרְרֵייכְט, הֵייטֶע ווִירְד יֶעדֶער מֶענְשׁ זַאגֶען קֶענְנֶען, דַאס דֶער אַלְטֶע אֱלִיעֶזֶר אִיזְט דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶע אוּנְטֶער דֶער זָאנֶע, דָאךְ אִיזְט דַאס גְלִיק נִיכְט פָאלְלְקָאמְמֶען, דֶען מַיין זָאהְן — מֵיין אֵיינְצִיגֶער זָאהְן — מֵיין אֵייגֶענֶעם בְּלוּט אוּנְד פְלֵייש, מִיט וֶועהְמוּטְה מוּסְ אִיךְ דַאס גֶעשְׁטֶעהֶען, עֶר אִיזְט מִיר מֵיין פֵיינְד!

**אללע:** אֵיין פֵיינְד?

**אליעזר:** יַא אֵיין בְּלוּטְפֵיינְד! עֶר גֶענְנְט מִיר נִיכְט מֵיינֶען רוּהְם, מִיט גֶעוַואלְט מֶעכְטֶע עֶר מִיר מֵיינֶע עֶהְרֶע עֶנְטְרֵייסֶען, זִיהֶע קֶעניג! צוּ דֶעם פַאטֶערְס הֶעכְסְטֶע פְרֵיידֶע אִיזְט דֶער זָאהְן נִיכְט עֶרְשִׁיעֶנֶען, אָה! דַאס טְהוּט וֶועה! זֶעהְר וֶועה!

**יהודית:** בֶּערוּהִיגֶע דִיךְ מֵיין טֵהייעֶרֶער פַאטֶער! דוּא בִּיסְט אִים אִירְטְהוּם! דוּא בֶּעשׁוּלְדִיגְסְט אוּנזֶער עֲזַרְיָה'ן גַאנְץ אוּמְזָאנְסְט, עֶר אִיזְט דִיא גִיטֶע אַלֵיין! עֶר בֶּעזִיצְט דַאס עֶדֶעלְסְטֶע הֶערְץ, וַואס גָאט הַאט נוּר אַמַאל גֶעשַׁאפֶען; צוּם שְׁלֶעכְטֶען אִיזְט עֶר גַאר נִיכְט פֶעהִיג — אָה קֶעניג! (קניעט) שָׁאן זֵייט לַאנְגֶע הַאבֶּע אִיךְ גֶעזוּכְט דִיעזֶע זַאכֶע גוּט צוּ מַאכֶען, אַבֶּער עֶס אִיזְט מִיר נִיכְט גֶעלוּנְגֶען, טְהוּעֶ עֶס דוּא מֵיין קֶעניג! פֶערְאֵיינִיגֶע דִיעזֶע צְווֵייא הֶערְצֶען ווִיעדֶער אוּנְד גָאט ווִירְד דִיךְ בֶּעלָאהְנֶען!

**קעניג:** דוא ביסט איין בראוועס קינד! דיין עדלעס הערץ אונד דיין טיעפער פערשטאנד ריהרט מיך! איך ווערדע מיר שאן איינע געלעגענהייט זוכען אום דיעזע היילינע זאכע צו ערפיללען, אבער ניכט יעצט!

**אליעזר:** נון! פארלייפיג וואללען וויר אונז אונזערע פריידע ניכט פערדערבען! קאממט מיט מיר אינס הויז, איהר זייט אללע מיינע געסטע. דארט וואללען וויר דען הייטיגען טאג אין פריידען צובריינגען

(דער קאהר רעפעטירט)

זייא געגריסט דוא העלד אליעזר זייטע 8 א. ז. וו. (אללע אב)

(אויפטריט עזריה).

**עזריה:** וועלכער אונטערשיעד! דארט הערט מאן טהענע פאן געזאנג אונד יובעל ((צייגט דיא ברוסט) אונד דא טהענע פאן טרויער אונד שמערץ! אליין, פעראכטעט, פאלל גראם אונד ערגער, מוס איך הערומוואנדעלן, פערן פאן דיעזער לוסטיגען געזעלשאפט, פערן פאן מיינעם אייגענען פאטער אונד שוועסטער! ווארום? ווארום? בין איך דען ניכט זיין בלוט אונד פלייש? האבע איך דען ניכט איין רעכט מיך צו פרייען, ווען מיין פאטערס הערץ זיך פרייעט? אה! וויא שרעקליך! זאל זיך מיין פאטער נאך אימער ניכט איבערצייגט האבען, דאס איך אונשולדיג בין אונד מיך נאך וייטער מיט זיינע איינבילדונגען בעלעסטיגען, זא וויל איך ליעבער וועק! קאן איך היער ניכט גראס ווערדען, זא זאלל מיך איין אנדערעס לאנד צום ציעלע פיהרען! אין ירושלים רעגירט יעצט דיא שעהנע פרינצעססין אסנת נאך איהר פערשטארבענעם ברודער, איהר וויל איך מיך פארשטעלען. דאס לאנד איזט אונזערע שוועסטער, אונד ירושלים'ס פיינדע צו פערניכטען מאכט מיך שטאלץ אונד גליקליך. יא! צור שלאכט בין איך געבארען! אונד דאפיר וויל איך אויך לעבען!

(אויפטריט יהודית)

**יהודית:** מיר שיינט איך האבע דא געהערט דיא שטימע מיינעס ברודערס (ערבליקט איהם) עזריה!



**עזריה:** מיינע טהייערע שוועסטער! (פויזע) האסטו מיר ניכטס צו זאגען? וואס זעה איך? דוא וויינסט?

**יהודית:** יא! איך וויינע אום דיך, מיין פערלארענער ברודער!

**עזריה:** פערלארענער ברודער? בין איך שאן ווירקליך פערלארען? אדער גאר געשטארבען?

**יהודית:** יא! געשטארבען אים הערצע דיינעס אייגענען פאטערס! איזט דאס ניכט טרויריג מיין ברודער?

**עזריה:** געשטארבען אין זיינעם הערצע? ווארום? (וויינט) יא! עס איזט טרויריג! נון קאם הער, ערצעהלע מיר שוועסטער. וואס איזט געשעהן? פירכטע ניכט, איך קאן אללעס ערטראגען! דיעזעס הערץ איזט גראסס גענוג אונד וואהנט אויך אין קיינען פייגלינג, רעדע יהודית! איך ווערדע דיך רוהיג אנהערען.

**יהודית:** דער פאטער האט גאנץ קאלט אונד ענטשלאססען געזאגט: מיינע פריינדע! מיין זאהן איזט מיר איין פיינד אונד איך וויל איהם ניעמאלס זעהן, פערשעהמט אונד צארניג האבען אללע געסטע אונזער הויז פערלאססען. אה ברודער! מיין אונגליקליכער ברודער! (וויינט)

**עזריה:** זא? זא וייט איזט עס געקאממען? דאן הערע שוועסטער! ביז יעצט האבע איך געגלויבט דאס דער פאטער איזט בלאז איינגעבילדעט. יעצט אבער גלויבע איך דאס ער איזט אין עטוואס איבערצייגט, זאנסט קעננטע ער מיך ניכט זא שענדליך בעהאנדלען.

**יהודית:** איבערצייגט זאגסטו איזט ער? וויא זא דען?

**עזריה:** איך גלויבע, דאס איין געמיינער שופט, דער איין געוויססעס ציעל אים אויגע האט, מיך דורך איינער שענדליכען אינטריגוע, ביים פאטער פערלייםדעטע.

**יהודית:** אונד ווער זאלל דען דיעזער געמיינע שורקע זיין?

**עזריה:** איך קאן עס ניכט בעשטימט זאגען, איבריגענס (מאן הערט אליעזרס שטימע) אה! איך הערע דען פאטער קאממען, איך וויל איהם

שפרעכען, אונד דאן געשעהע וואס עס וויל! געה יהודית! איך וויל מיט דעם פאטער אליין זיין.

**יהודית:** איך פאלגע דיך מיין ברודער: גאט מיט דיר! (אב)

**עזריה:** דער גראססע מאמענט, דען איך זא לאנגע אויסגעמיידעט האבע, איזט ענדליך דא! (ציעהט זיך צוריק ביי זייטע)

(אויפטריט אליעזר פאם הויזע מיט פאפירען).

**אליעזר:** הם . . . . . . דיא וואללטען מיך איבעררעדען...אבער ניין! דאס זאלל ניכט געשעהן! איך בין פאן זיינער שולד איבערצייגט, אונד הערויסרייסען וויל איך איהם אוים מיינעם הערצען! אה! דאס איזט שענדליך! נאך ביים לעבען! דוא אונגעראטענער זאהן! פערשטאססען וויל איך איהם אויף אימער! פערשטאססען? וועהם? מיינען איינציגען זאהן? פילייכט איזט ער דאך אונשולדיג?

**עזריה:** (געהט לאנגזאם צו) פילייכט?

**אליעזר:** ווער ביסטו?

**עזריה:** דיין זאהן!

**אליעזר:** אבער איין פיינד אונד איין פייגלינג!

**עזריה:** קאן דען דעריעניגע, דער דיר זיין לעבען צו פערדאנקען האט, איין פייגלינג זיין?

**אליעזר:** דוא ביזט עס אבער!......

**עזריה:** איין העלד אונד עהרליך וויא מיין פאטער!

**אליעזר:** עהרליכע גראססער העלד! אונטער דען אללען געזוכען, וועלכע צום קעניג איבערגרייכט ווארדען, אום דאס אמט אלס שר הצבא צו ערווערבען, וואר אויך איין געזוך פאן דיר געשריעבען.

**עזריה:** (איבעררראשט) פאטער! עס איזט אונמעגליך.

**אליעזר:** איך וואוסטע, דאס דוא עס אבלייגנען ווירסט, אונד דאס סטעמפעלט דיך אין מייטען אויגען צום נידריגען שוועכלינג.

**עזריה:** אום גאטטעס ווילען פאטער דוא שפריכסט צו שניידיג; דאס שטאממט פאן איינעם שענדליכען פערליימדער!



**אליעזר:** זא! זא! פערליימדונג הייסט דאס ביי דיר. אין וועלכעם איך איבערצייגט בין? שענדליכער! דאס פאפיער איזט יא אייגענהענדיג פאן דיר אונטערשריעבען, שויא הער, אונד זענקע דיין הויפט ביז צור ערדע! (גיעבט עס איהם)

**עזריה:** (לעזט עס ציטטערנד) איך האבע עס געלעזען! דער פלאן מיך צו פערדערבען איזט צו קונסטפאלל דאס איך איהם ווידערלעגען קענען זאל! עס איזט אללעס וואהר וואס היער געשריעבען איזט. אונד וואס בעשליעסט מיין פאטער?

**אליעזר:** דיין אלטער בעלייידיגטער פאטער בעשליעסט, דיך אויף אימער צו פערשטאססען, אונד דיך ניע מעהר פאר זיינען אויגען צו זעהן!

**עזריה:** דיין ענטשלוסס איזט מיר הייליג! איך געהע; וויא איין פערצווייפעלטער וויל איך דען טאדט זוכען! דארט ווא עס ווירד דאנגערן אונד קראכען, דארט ווא טראמפעטען ערשאללען, דארט קעמפפט וויא איין פערוואונדעטער לעווע דער זאהן פאן אליעזר. אונד וואן איהר ווערדעט זעהן, דיא פאהנע וועהען איבער דיא שטאלצע מויערן, דאן וויססעט, דאס איך האבע דען פיינד פערניכטעט, בעזיעגט, געשלאגען אונד בעפרייט מיין געליעבטעס פאטערלאנד! (אב)

(אויפטריט הנינא)

**חנינא:** יא! דארטען וויא עס וועט דאנגערן און בליטצען, דארט וויא פעטש און קולאקעס וועלען פליהען וויא דיא פעדערן, דארט זאלט איהר וויסען, אז מיך האט מען אזוי צוהעריגט!

**אליעזר:** אום גאטטעס ווילען! ביזטו פערריקט ווארדען? וואס איזט מיט דיר?

**חנינא:** יא! איך בין משוגע, טרעט נישט צו צו מיר זאג איך אייך, דער העלד האט זיך צוקאכט, און אז איהר וועט זעהן דיא רויטע פאהן וועהען, זאלט איהר וויסען, אז מיך האט מען עס אזוי צודאמט.

**אליעזר:** ווילסטו אמאל שטילל שוויינען? וואס איזט מיט דיר?

**חנינא:** ניין! איך וועל נישט שווייגען, איך וויל אויך צוקומען צום פסוק איך וויל אויך צייגען מיינע העלדענטהאטען — היעט אייך, זאג איך אייך — מיין געוועהר! גיעבט מיר א קאטשערע - גיעבט מיר א האקמעסער, איך וועל אייך צומארמלען, צופיצלען, צוברעקלען אויף פיטצפיטצליך!

**אליעזר:** (רופט) דיענער! דיענער! (איינינע דיענער קאממען) שלאגט איהם הינאוים דאס משוגעת! שלאגט איהם דען פעררייקטען קערל.

**חנינא:** אט דאס וויל איך אויך זעהן! קומט אהער, קומט אהער, שוואכע פליעגען! צייגט וואס איהר קענט! (שלאגען איהם ביז ער פאלט) מיט איינעם איז מיר א שאנדע זיך צו שלאגען.

**אליעזר:** גענוג! ער האט שוין גענוג! קאממט! (אלע אב אויסער חנינא)

**חנינא:** אה; איהר אנטלויפט? איהר האט מורא? (וויל אויפשטעהען, פאלט צוריק) אה! אצינד זעה איך אז איך בין א גבור...... אוי! (וויינענד) ווער נאך וואלט געקענט אויסהאלטען אזאלכע געזונדע קולאקעס? אוי וועה איז מיר! טאקע נור איך אליין! איך מיין, אז איצט וועל איך מוזען אבלעגען די מלחמה אויף א קורץ שטיקעל צייט. וואס אויפגעבען? איך? ...... אוי מיינע זייטען ... פרייט אייך איהר שונאים - געפאלען איז דער העלד! טהייער פאטערלאנד, ביסט אין דר'ערד מיט די ביינער. (קריכט ארויף אויפ'ן בארג)

(Musik Melodrama).

(אויפטריט עזריקם די ביהנע ווירד דונקעל).

**עזריקם:** פינצטער וויא מיינע געדאנקען איזט די נאכט! רוהיג אונד אהנע פורכט האבע איך דען פלאן אין מיינע געדאנקען הערומ־געטראגען, אונד יעצט וואן איך בין זא נאהע צו מיינעם ציעלע, פיהל איך איינען שרעקליכען קאמפף אין מיינעם הערצען, אונד איינע אינגערע שטיממע שרייט מיר צו, ניעמאלס ווירד דער מערדער זיין ציעל ערר̇ייכען...... יא! עס מוסס געשעהן! הייטע נאך! שאן! איך מוסס אויס דיעזער קריטישען לאגע הערוים! דער אלטע



קאממט יעדע נאכט פאר דעם שלאפען צו געהן היער אויסצורוהען, איך ווערדע איהם מיינע, דאלך אים ריקען היניין שטעקען אונד דער קאמפף איזט פאריעבער! ...... איין ציטטערן פאקט מיך! איין מארד? הא הא הא! דומהייטען! ...... וועק, איהר פאנטאסטישע געדאנקען! אונד זאלל עס מיר ניכט געלונגען, זא ווילל איך אין דער צוקונפט זעלבער מיינען נורגעל דורכשניידען, פיר דעם ענטשלאססענען מענשען גיעבט עס נור 2 וועגע, זיעגען אדער אונטערגעהן...... אה! ...... (פערשטעקט זיך)

(אויפטריט אליעזר געפיהרט פאן יהודית)

**אליעזר:** זא, זא, מיינע טאכטער! דוא ווילסט שאן שלאפען געהן? ווייסטו דען ניכט, דאס איך ניכט רוהיג שלאפען קאן, ביז דוא מיך ניכט אויף דיעזעם פלאטצע בריינגסט אונד מיר איינע מעלאדיע פאן דיינע שעהנע ליעדער זינגסט? דאן שלאפע איך זאנפט אונד דיין געטטליכעס געזיכט שוועבט מיר די גאנצע נאכט פאר מיינען אויגען.

**יהודית:** אוי! ......

**אליעזר:** וואס איזט דיר מיין קינד? אה! דוא טרייממסט איממער פאן דיינעם עזריקם! מארגען! מארגען! מיין קינד, ווירד ער שאן דיין ברייטיגאם זיין.

**יהודית:** (אפארט) מיין ברייטיגאם! אה! וויא זיעסס עס קלינגט.

**אליעזר:** נון נימם דיינע הארפע אונד זינגע מיר וואס פאר!

(ער זעצט זיך נעבען איהר און זיא פאנגט אן צו זינגען).

(עזריקם ערשיינט און שטעכט אליעזר'ן און אנטלויפט).

(חנינא זעהט עס צו פונים בארג און קען נישט שרייען).

**אליעזר:** רעטטעט! הילפע! ......

**יהודית:** וועה מיר! אלמעכטיגער גאטט! וואס איזט געשעהן פאטער? ..... דיענער! ...... שנעלל קאממט! ...... (אללע לויפען אן אויך עזריקם) אה עזריקם העלפע! רעטטע מיינען פאטער! ער שטירבט.

**עזריקם:** שנעלל ליינוואנד! פערבינדעט איהם די וואונדע, ער פער־בלוטעט!

(אויפטריט דער קעניג מיט סוויטע).

קעניג: וועה, וועלכעס אונגליק! האט מאן דען מערדער שאן ערוויש? ווער איזט ער?

אליעזר: (שוואך) מיין איינציגער זאהן איזט דער מערדער!

יהודית: ניין! ניין! אונמעגליך!

אליעזר: איך שטערבע! (נעמט פאן דער טאשע איין פאפיער אונד גיעבט עס דעם קעניג) נעהמע דאס אונד לעזע עס אין געגענווארט דעם גאנצען פאלקעס!

יהודית: לעבע ...... וואהל! ...... (פאלט). (ער ווירד אבגעפיהרט אין דיא קוליססען).

קעניג: (לעזט) מיין אמט אונד מיינע טאכטער איבערגעבע איך דעם יונגען העלדען עזריקם בן אלצפן. (גיעבט איהם דאס פאפיער) עזריקם! דאס געהערט דיר!

קאהר: אך וועה אונז! אך וועה אונז!
זא איין שרעקליכער מארד!
אויף דיעזעם ארט — שרעקליכער מארד!

קעניג (זינגט): שנעלל! זוכט איהם דען מערדער!
ניכט פערשוינט! זוכט!
דען מערדער, דען מערדער, שנעלל אויף,
אך! זא איינע שאנדע אין מיינעם לאנדע,
ניכט פערשוינט אה דיעזע שאנדע. ב׳ס

קאהר: שנעלל זוכט איהם דען מערדער,
ניכט פערשוינט זוכט איהם אויף, שנעללער.
שנעלל זוכט איהם דען מערדער,
ניכט פערשוינט.

קעניג: מיינע שרעקליכע שטראפע
זאל איהם טרעפען.

יהודית (זינגט): אה קעניג! מיטלייד!
ניכט פערבראכען, ניכט געשטאכען,
האט זיינע האנד דען פאטער,



עס איזט דאך נור נייד,
איך שווער אייך ביים לעבען!
ניכט צו גלויבען,
זאלט איהר ווייטער.
איין צערטליך קינד וואר דאך שטעטס דיעזער העלד,
אויף דעם שלאכטפעלד, אויף דעם שלאכטפעלד,
געבוירען איין העלד.

קעניג: ניכט הערען וויל איך דיך!

יהודית: מיטלייד קעניג, מיטלייד קעניג!

קעניג: בעטראגען אויך דיך!
יא, בעטראגען אויך מיך!

יהודית: ניין! ער ליעבט אויך דיך!
ניין! ער איזט דיר קיין פיינד!
ניין! ער איזט דיר קיין פיינד! ניין!

קעניג: בעטראגען האט ער דאס פאטערלאנד!
בעטראגען האט ער דאס פאטערלאנד! יא!
זוכט איהם שנעלל דען מערדער,
זוכט איהם, זוכט איהם שנעללער אויף!

קאהר: שנעללער אויף.

יהודית: ניין! איך בעט רחמנות,
גראססער הערשער פאן איזראעל!

קאהר: ניין! קיין מיטלייד! ניין, ניין, ניין!
זוכט איהם שנעלל דען מערדער,
זוכט איהם, זוכט איהם, שנעללער אויף,
יא, יא, יא, דיין ברודער,
ער אליין איז דאך געוועזן דער מערדער,
ער איזט דער מערדער,

יא, יא! ער איזט דער מערדער, יא, יא!
ביא גאטט!

**יהודית:** ניין! ער איזט קיין מערדער,
דאס וועה איך יעצט,
ניין! ער איזט קיין מערדער,
דאס וועה איך יעצט,
ניין, ניין! ער איזט קיין מערדער,
ניין, ניין!
ביא גאטט.

### פארהאנג פאלט.

## ענדע דעם ערסטען אקטעס.



# צווייטער אקט.

(וואל ביא אליעזר) (יהודית ליגט אויף א בעטט).

(מערכען ארום איהר מיט פעכער).

**מערכען** זינגען: שלאפע רוהיג ליעבע שוועסטער,
דיין גייסט ערקוויקט דאס געזאנג,
מעלאדיען דיר צום רוהען, | ביס
ברינגען וויר צום לעבען לאנג.

**יהודית** זינגט: עלענד בין איך געבליעבען אויף דער וועלט.
אהנע פאטער, אהנע מוטטער,
דאך לעבסטו פאטער אין מיין געצעלט.
ניכט גלויבען קאן איך, דאס דוא מיר פעהלסט.
ביא טאג אונד ביא נאכט זעה איך דיך אים טרוים,
אה! נעהם מיך פאטער צו צו דיר,
איידער צו זיין אויף דער וועלט א יתומה,
איזט מיר דער טאדט שאן פיעל ליעבער.

**מערכען:** שלאפע רוהיג ...... א. ז. וו.

**יהודית:** (ערוואכט לאנגזאם) איין טרוים! וויעדער איין טרוים! גאטט זאל אייך זעגנען פיר אייער זיססען טראסט! נון פריינדינען איך בין יעצט שאן בערוהיגט, איהר קענט געהן! (מערכען אב) איין שרעקליכער צווייפעל צערייסט מיינע ברוסט! האלט איין מיין הערץ! אה, עס איזט ניכט וואהר! מיין געליעבטער עזריקם איזט איין ענגעל, אונד מיין טהייערער איינציגער ברודער, זאל ער דער מערדער זיין? אה! איך בין צו שוואך, צו פערווירט, איך בין ניכט פעהיג צו אורטיילען. אללמעכטיגער גאטט! (קניעט) זאגע דוא מיר! ביא דיר איזט דיא וואהרהייט, זאגע מיר! איזט מיין ברודער ......

(אויפּצוריםחנינא).

**חנינא:** אונְשׁוּלְדִיג!

**יהודית:** חֲנִינָא! אונְשׁוּלְדִיג הַאסְטוּ גֶעזַאגְט?

**חנינא:** זָא וַואהְר וִויא אִיךְ הֵייס חֲנִינָא, דֶער גְרֶעסְטֶע הֶעלְד פָאן אִיזְרַאעֶל!

**יהודית:** דוּא פְּלוֹידֶערְסְט, דוּא וֵוייסְט נִיכְט וַואס דוּא שְׁפְּרִיכְסְט, גָאטט! שִׁיקֶע דוּא מִיר דִיא וַואהְרְהֵייט.

**חנינא:** טְהֵייעֶרֶע הֶערְרִין! דֶער גְרוֹיסֶער רבש״ע אִיז צוּ עֶרְהַאבֶּען, אָבֶּער עֶר הָאט אוֹיף דֶער וֶועלְט קְלֵיינֶע רבש״ע׳לֶעךְ. וָואס עֶר צֵייגְט זֵייא דֶעם אֱמֶת, בַּייא זֵייא פְרֶעגְט אַייךְ אָהְן, זֵייא וֶועלֶען אַייךְ שׁוֹין זָאגֶען. אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא רבש״ע׳לֶעךְ שְׁטֶעהְט דָא יֶעצְט פַאר אַייךְ.

**יהודית:** דוּא?

**חנינא:** וָואסוְשֶׁע? שְׁטֶעהְט מִיר אֶפְשַׁר נִישְׁט אָן?

**יה׳דית:** פִינְדֶעסְט דוּא עֶס פִיר רֶעכְט, זִיךְ לוּסְטִיג צוּ מַאכֶען אִיבֶּער מֵיינֶע שְׁמֶערְצֶען?

**חנינא:** אִיהְר זָאלְט וִויסֶען, אַז דֶער מֶערְדֶער פוּן אַייעֶר פָאטֶער, אִיז אַייעֶר עֲזְרִיקָם, דֶער טְהֵייעֶרֶער תַּכְשִׁיט.

**יהודית:** שֶׁענְדְלִיכֶער! דוּא זַאגְסְט אֵיינֶע לִיגֶע!

**חנינא:** דָאס הָאבּ אִיךְ דָאךְ פְרִיהֶער גֶעוִויסְט, נוּא פַארְוָואסוְשֶׁע פְרֶעגְט אִיהְר נִישְׁט בַּיים גְרוֹיסֶען רבש״ע? פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וֶועל אִיךְ שְׁרַייעֶן פַאר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַז עֶר, אַייעֶר גֶעלִיעבְּטֶער, עֶר הָאט דֶען אַלְטֶען עֶרְמָארְדֶעט. הֶערְט אוֹיס! דֶעמִילְט וֶוען דֶער מָארְד אִיז גֶעשֶׁעהְן בִּין אִיךְ דוּרְךְ מֵיינֶע הֶעלְדֶענְטַהאטֶען גֶעלֶעגֶען אַ צוּקְוֶועטְשְׁטֶער, מֵילָא דָאס בִּין אִיךְ אַייךְ מוֹחֵל, נוּר דַאמַאלְס וֶוען אִיךְ הָאבּ צוּ אַייךְ גֶעשְׁרִיגֶען פוּנִ׳ם בַּארְג, אוּן אִיהְר הָאט מִיךְ נִישְׁט גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ גַאנְץ פַאוָואלִיטשֶׁקֶע אַרָאבְּגֶעשְׁלֶעפְּט פוּנִ׳ם בַּארְג, אוּן הָאבּ פוּן דֶער עֶרְד אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַדָאס מֶעסֶער, וָואס דֶער מֶערְדֶער הָאט פֶערְלוֹירֶען. ווילְט אִיהְר עֶס אֶפְשַׁר זֶעהְן? אָה, אִיךְ הָאבּ עֶס גוּט בֶּעהַאלְטֶען.



**יהודית:** (ציטטערט) יַא! יַא! צֵייג עֶס מִיר אִיךְ וִויל עֶס זֶעהְן!

**חנינא:** (וויקעלט אויס פאפירע אב) אָט אַזוֹיְשֶׁע זָאגְט, אַצִינְד וֶועלֶען מִיר דָאךְ בַּאלְד וִויסֶען...... וֶועה אִיז מִיר! אִיךְ הָאבּ עֶס פֶערְלוֹירֶען!

**יהודית:** וִויא! דוּא שֶׁענְדְלִיכֶער?

**חנינא:** שַׁא! לָאז זַיין שְׁטִיל! (וויקעלט ווייטער) עֶס אִיז דָא, אִיךְ הָאבּ עֶס. אַדָאס אִיז עֶס, אוּן דֶערְקֶענְט עֶס.

**יהודית:** (נעממ עס) בּוּכְשְׁטַאבֶּען זֶעה אִיךְ, אַבֶּער דוּרְךְ דֶעם פֶערְטְרָאקְנֶעטֶעם בְּלוּטֶע אִיזְט מִיר אוּנְמֶעגְלִיךְ עֶטְוַואס צוּ לֶעזֶען.

**חנינא:** אִיךְ וֶועל עֶס אָבְּוִוישֶׁען. (ווישענד) דָאס בְּלוּט פוּן אַייעֶר פָאטֶער קְלֶעבְּט נָאךְ דַארוֹיף, זָא ...... יֶעצְט אִיז עֶס רֵיין!

**יהודית:** (נעממ ווידער לעזען, בליקענד — ציטטערט) הַא! ...... (פאללט אויף דער זאפא)

**חנינא:** (לעזט איבער) עֲזְרִיקָם! נֶעהְם דִיעזֶען (טפו) דָאלְךְ צוּם אַנְדֶענְקֶען פָאן דֵיין (טפו) .... מֵיינֶע הֶערְרִין! דֶער דָאלְךְ גֶעהֶערְט גֶעוִויס אִיהְם.

**יהודית:** נֵיין! נֵיין! אֵיין שֶׁענְדְלִיכֶער פֶערְלֵיימְדֶער זֶענְט אִיהְר! מִיךְ טֵיישֶׁען ווילְט אִיהְר? אָה נֵיין! עֶס אִיזְט אוּנְמֶעגְלִיךְ! דַאס וִוירְד מֵיין עֲזְרִיקָם נִיכְט טְהוּן!

**חנינא:** אַלֶעמַייא אִיךְ הָאבּ הַיינְט גֶעהֶערְט אִין שְׁטָאדְט, אַז עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, זִיךְ שַׁדְכֶנֶען צוּ דֶער פְּרִינְצֶעסִין אָסְנַת? גֶעהְט אִין גַאס, וֶועט אִיהְר עֶס אוֹיךְ הֶערֶען.

**יהודית:** וַואס? נָאךְ אֵיינֶע פֶערְלֵיימְדוּנְג? אָה! דוּא אַבְּגֶעקוֹיפְטֶער שׁוּרְקֶע!

(ביהנע דונקעל דער גייסט פאָן אליעזר ערשיינט).

**גייסט:** יְהוּדִית, מַיין טַהייעֶר קִינְד! פָאס שֶׁענְדְלִיכֶען עֲזְרִיקָם בִּין אִיךְ עֶרְמָארְדֶעט וָוארְדֶען, מִיט דֶעמְזֶעלְבֶּען דָאלְךְ, וֶועלְכֶעם דוּא יֶעצְט אִין דֵיינֶער הַאנְד הַאלְטְסְט. הַאט דֶער פֵייגְלִינְג מִיר אִים רִיקֶען אֵיינֶען טָאדֶעסְשְׁטָאס גֶעגֶעבֶּען, דָארְט אוֹיף דֶעם דָאלְךְ, גִיעבְּט עֶס נָאךְ אֵיין פְלֶעק מֵיינֶעם בְּלוּטֶעס, אוּנְד דִיעזֶער פְלֶעק וִוירְד נִיכְט פְרִיהֶער טְרָאקְנֶען, בִּיז דֶער מֶערְדֶער נִיכְט זֵיינֶע שְׁטְרַאפֶע עֶרְהַאלְטֶען הַאט.

רעבע מיין קינד דיינען פאטער ! ביטטע מיינען וואהן, דאס ער מיר פערציייהען זאלל. לעבע וואהל יהודית ! לעבע וואהל ! (אב)

(ביהנע לעכמינ)

**חנינא:** נוא ! וואס זאגט איהר יעצט גנעדיגע הערין ?

**יהודית:** גענוג ! איך ווייס אללעס, איך וויים צופיעל. הערע ! איך ווערדע אלס איינע עגיפטישע פרינצעססין, מיט אייך אן דער שפיטצע, דער פרינצעססין אסנת איינען בעזוך אבשטאטטען, אונד אונטער דיעזער מאסקע, ווירד מיר ניכט שווער זיין מיין ציעל צו ערדייכען, נעה שנעלל אונד בעזארגע אללעס.

**חנינא:** ענדליך איז אויך מיין צייט געקומען, אצינד וועל איך ווייזען וואס איך קען, ברענען און בראטען, קוילין און שטעכען, ב־ר־ר־ר־ר־ר־ר־ר היטם איך ! דער העלד האט זיך צוקאכט ! ........ אוי מיינע קריזשעם ! (אב)

**יהודית:** דיא יודישע העלדינען זינד געפעהרליכער אלס דער שטארקסטע ריעזע, יעצט בין איך אויך איינע זאלבע, אונד וויא איינע העלדין ווערדע איך אים קאמפפע ערשיינען. וואכעט אויף ! קאממט אללע ! וויר וואללען, וויר מיססען, דער צייט געהארכען !

(אויפטריט הנה מעדכען געפאנצערט).

**יהודית:** זא, פריינדינען ! איהר געפעללט מיר ! האבט איהר שאן מיינען בעשלוסס פערנאממען ?

**אללע:** יא ! וויר וויססען אללעס !

**יהודית:** איך האבע איינען באטען וועקגעשיקט, אונד עס ווירד הייסען, דאס ער קאממט אוים עגיפטען, אום אין ירושלים בעקאננט צו מאכען, דאס דיא עגיפטישע פרינצעססין עניקסאם וויללל דער יודישען פרינצעססין איינען בעזוך אבשטאטטע, אונד זא ווערדען וויר אין ירושלים גאנץ אונערקאננט בלייבען, זייט איהר מיט מיינען פלאן צופריעדען ?

**אללע:** צופריעדען ! צופריעדען !



**יהודית:** זא שווערעט ! מיך ניכט צו פערראטהען

**אללע:** וויר שווערען ! וויר שווערען !

**יהודית** זינגט: וואהלאן קריעגער שנעלל ערוואכט,
הערט דיא טראמפעטען שאללען איבעראל,
קאמעראדען צו דער שלאכט,
רופט אונז אללע דאס סיגנאל.
אך ! איזט דאס איין פערגניגען,
דיא פיינדע אימער צו בעזיעגען,
וויא גוט אונד וויא פיין,
איזט אויף דעם שלאכטפעלד צו זיין.

**קאהר:** טראטאטאטאם טראטאטאטאם טאטאם טאטאם, טאראטא טאטאם.

**יהודית:** ברוסט אן ברוסט,
אונזער לעבען צו מארשירען,
אה ! וועלכע לוסט,
איבערין פיינד צו טריומפירען
צום קאמפף, צום קאמפף,
לויפען אללע פארווערטס מארש,
זיעגען אדער שטערבען,
קיינער פאן אונז בלייבט צוריק.

**קאהר:** ברוסט אן ברוסט א. ז. וו.

**יהודית:** מיט פריידע לויפען וויר צום שטרייט,
צו צייגען אונזער מאכט זינד וויר בערייט,
דער קריעג איזט אונזער לעבען אונזער גאטט,
מוטהיג צום קאמפף געהט דער סאלדאט.

**קאהר:** מיט פריידע א. ז. וו.

(אללע מארשירען אב).



## פערוואנדלונג.

(א וואלד־געגענד אונטער ירושלים.)

(חנינא אין ריסטונג) (זבולן).

זבולן: זייט מיר געגריסט פרעמדער!

חנינא: גראבער יונג, רעספעקט! ווייסטו ווער איך בין?

זבולן: (קניעט) האט רחמנות, איך בין איין אָרימאן.

חנינא: שמועה אויף! איך שענק דיר דאס לעבען. (אפארט) חנינא, ביסט א העלד! (לויט) איז נאך עפיס ווייט קיין ירושלים?

זבולן: נישט מעהר וויא אפאר שטונדען, וויא איהר וועט אייך נור אראבלאזען פון יענעם בארג, וועט איהר באלד דערזעהן דיא גאלדענע שפיצען פון דיא טהירמע!

חנינא: קען מען דארט באלד עפיס קריגען צו עסען? וייל איך בין זעהר מיעד און הונגעריג.

זבולן: איהר וועט נישט פאראיבעל האבען אויף אייער קנעכט, איך האב ביא מיר ברויט און קעז.

חנינא: אזוי? דוא האסט ברויט און קעז? נוא איך וועל דיר צוליעב טוהן און עסען! (אפארט) לאנג לעבען זאל ער! (לויט) נוא גיב אהער אלטער. (נעממ און עסט)

זבולן: עסען עסט ער אפילו וויא א פראסטע בשר ודם.

חנינא: דרך ארץ! גראבער יונג! שלאג מיר נישט איבער

זבולן: איהר זעהט אוים וויא איין ענגיפטער.

חנינא: הם..... הם...... (קייעט)

זבולן: זענט איהר נישט איין שליח פון דער פרינצעססין, וואס מען ערוואַרטעט?

חנינא: הא? הא?......



זבולן: אוי וועה איז מיר! קוקט אן א בעם? וואסושע? [illegible] אדיוטאנט?

חנינא: הוי...... (ציינט העכער)

זבולן: וואסזשע? נאך גרעסער? א גענעראל?

חנינא: (ואנפט) הַ הַ הַ הַ......

זבולן: גאט זייא דאנק געטראפען!

חנינא: אלטער איך דאנק דיר; אין ירושלים וועלען מיר זיך זעהען.

זבולן: גאט זאל אייך בענטשען הערר......!

חנינא: נא......

זבולן: הערר גענעראל! (אב)

חנינא: (צו זיך) חנינא, ביסט א לייט! איצט שטעל זיך פאר, וואס [illegible] וועט זיך טוהן אין ירושלים? דארט וועל איך מיך זעהען מיט [illegible] יונגען הערין עזריה, אלזא פארווערטס, מארש נאך ירושלים; [illegible] שא! אין דער שטיל! (ער זינגט)

1.

בעטראכט נור מיך חנינא'לע,
איך בין א יונג מיט ביינער,
איך שלאג מיך אוים מיט דער גאנצער וועלט,
דאס וועט נישט וואגען קיינער,
וויפיעל פעטש עם קען נור זיין,
אה! דיא פאסטעבער, דיא גראבע יונגען,
לעגען זיי אין מיר אריין,
דיא גאל ווערט מיר צערשפרינגען.
א ריסם – און א שטוים – אז איך ווער אוש דילל,
א פלאסק – א טראסק – נור שא, אין דער שטילל.
א ריסם – און א שטוים – אז איך ווער אוש דילל,
א פלאסק – א טראסק – נור שא, אין דער שטילל.

II.

דֶעם אַלְטֶען מַאן בֶּעטְרַאכְט נוּר אַייךְ,
עֶר פִיהְרְט זִיךְ וֶועהְר נָאבֶּעל,
גֶעלְד הָאט עֶר וֶועהְר אַ סַאךְ,
אוּן דֶערְצוּ אַ שֶׁעהְן יוּנְג וַוייבֶּעל.
דָאס וַוייבֶּעל אִיז אָבֶּער נִישְׁט קֵיין נַאר,
זִיא פֶערְשְׁטֶעהְט שׁוֹין אִיהְרֶע זַאכֶען,
זִיא לִיעבְּט דֶעם אַלְטֶען נוּר דֶערְפַאר,
זִיא זָאל אִיהְם קֶענֶען דִיא קֶעשֶׁענֶעס רֵיין מַאכֶען.
זִיא גֶעהְט — אוּן טוּהְט — וָואס זִיא ווִיל,
זִיא לוֹיפְט — אוּן פְלִיהְט — נוּר שַׁא, אִין דֶער שְׁטִיל.
זִיא גֶעהְט — אוּן טוּהְט — וָואס זִיא ווִיל,
זִיא לוֹיפְט — אוּן פְלִיהְט — נוּר שַׁא, אִין דֶער שְׁטִיל.

III.

אִיךְ קֶען אַ מֵיידֶעל וֶועהְר גוּט,
זִיא אִיז דַוְקָא נִישְׁט גַאנְץ רֵייךְ,
אִין חֵנְדַעלֶעךְ מַאכֶען וֶועהְר גֶענִייעט,
זִיא פֶערְשְׁטֶעהְט שׁוֹין גוּט אִיהְר זַאךְ,
קַאוַואלִיעֶרֶע טְשֶׁעפֶּען זִיךְ צוּ צוּ אִיהְר,
ס'אִיז פוּל מִיט זֵייא דָאס הויז,
פְּרֶעזֶענְטֶע קְרִיעגְט זִיא אָהְן אַ שִׁיעוּר,
אוּן לַאכְט אַ־יֶעדֶען אוֹיס,
פַאר אַ שְׁמֵייכֶעלֶע, פַאר אַ חֵנֶדעלֶע
קְרִיעגְט זִיא וָואס זִיא ווִיל,
זִיא לַאכְט אוּן מַאכְט חוֹזֶק,
נוּר שַׁא, אִין דֶער שְׁטִיל.

—•—



## פערוואנדלונג.

(אויפטריט אסנת, אנסון, יהושפט, עזריה, עזריקם און מיליטער.)

**אסנת:** (צו יהושפט) זֵייא מִיר גֶעגְרִיעסְט הֵיילִיגֶער כֹּהֵן גָדוֹל! אִיהְר אַלֶע ווִיסֶעט, דַאס זַייט מֵיין בְּרוּדֶער דֶער פְּרַאגְמֶע קֶענִיג גֶעשְׁטָארְבֶען אִיזְט, אוּנְד מִיר דִיא לַאסְט זֵיינֶער הֶערְשַׁאפְט אִיבֶּערלַאסֶען הַאט, בִּיז זֵיין זָאהְן דִיעזֶער קְלֵיינֶע פְּרִינְץ גְרָאס ווִירְד. זֵייט דַאמַאלְס הַאבֶּע אִיךְ נָאךְ קֵיינֶע זַאכֶע אָהְנֶע דֶעם ווִיסֶען מֵיינֶעס פָאלֶקְעס גֶעטְהַאן, אַלְזָא צוּר זַאכֶע. דִיעזֶער יוּנְגֶע הֶעלְד אִיזְט עֲזַרְיָה דֶער זָאהְן פָאן דֶעם בֶּערִיהְמְטֶען הֶעלְדֶען אֱלִיעֶזֶר אוֹיס שׁוֹמְרוֹן, דֶער הֵיילִיגֶע כֹּהֵן גָדוֹל הַאט אִיהְן קֶעננֶען גֶעלֶערְנְט. עֶר צֵייגְט זֶעלְטֶענֶע פֶעהִיגְקֵייטֶען אִין קְרִיעגְסַאנְגֶעלֶעגֶענְהֵייטֶען. עֶר ווִירְד אַלְזָא אוּנְזֶער צוּקִינְפְטִיגֶע הֶעעְרפִיהְרֶער וֶוערְדֶען!

**עזריה:** גְנֶעדִיגֶע פְּרִינְצֶעסִין! עֶרְלוֹיבֶּע מִיר דִיר פִיר דִיעזֶע גְנַאדֶע קְנִיעֶנְד צוּ דַאנְקֶען. (קניעט) וֶועהֶע, דֶעם פֵיינְד! וֶועלְכֶער ווִירְד וַואגֶען אוּנְזֶערֶע גְרֶענְצֶען צוּ אִיבֶּערטְרֶעטֶען. ווִיא אֵיין פֶערְצְווֵייפֶעלְטֶעס טְהִיער וֶוערְדֶע אִיךְ מִיךְ אִיבֶּער אִיהְן שְׁטִירְצֶען, אוּנְד דֶערֶען קֶעפְּפֶע צוּ דֶען פִיעסֶען מֵיינֶעס פָאלֶקְעס לֶעגֶען, זָא וַואהְר מִיר גָאטְט הֶעלְפֶע!

**כהן גדול:** זֵייא פָאן גָאטְט גֶעזֶעגֶענְט מֵיין טַאפְּפֶערֶער הֶעלְד! (וענגעט איהם) (עזריה שטעהט אויף).

**אסנת:** נוּן אִיזְט דִיא זַאכֶע עֶרְלֶעדִיגְט; יֶעצְט נָאךְ אֵיינְס! עֶרְלוֹיבֶּעט מִיר אַייךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען דִיעזֶען עֶדְלֶען הֶערְהְן! עֶר אִיזְט עֲזְרִיקָם, אֵיין יֶעפֶּע פָאן פֶּקַח פָאן שׁוֹמְרוֹן! דִיעזֶער עֶדְלֶע פְּרִינְץ הַאט מֵיין הֶערְץ גֶעוָואנֶען אוּנְד אִיךְ וֶוערְדֶע מִיךְ גְלִיקְלִיךְ פִיהְלֶען, אִין אִיהְם מֵיינֶען לֶעבֶּענְסְבֶּעגְלֵייטֶער צוּ פִינְדֶען!

**עזריקם:** הייליגער כהן גדול! איך פערגעטטערע דיא פרינצעססין אסנת! איך וויל דארום מיינע גאנצע ענערגיע, קראפט אונד בלוט נור דארויף פערווענדען אום דיא פרינצעססין וויא אויך דאס גאנצע לאנד עוויג בליהענד אונד גליקליך צו מאכען!

**עזריה:** (אפארט) עלענדער שמייכלער!

**כהן גדול:** ווען עס זא איזט, דאן הייסע איך דיך ווילקאממען אין אונזערער מיטטע.

**עזריקם:** נון יעצט וויל איך ערסט שפרעכען! וויססעט איהר דאס דער פאטער פאן דיעזעם העלדען, איזט אין שומרון אויף איינער שענדליכען ארט אונד וייזע, ערמארדעט װארדען? אונד דער פערדאכט רוהעט אויף זיינעם אייגענען זאהן?

**עזריה:** (אויסער זיך) מיין פאטער ערמארדעט?

**אללע:** שרעקליך!

**עזריה:** איינע פערליימדונג פרינץ! איינע שרעקליכע פערליימדונג! אונד רוהעט אויף מיך איין פערדאכט? דאן רוהעט אויף איינען אנדערן דיא שולד, דאס ער דורך אינטריגועו, אום מיינעם פאטערס טעסטאמענט האבהאפט צו װערדען, איהן ערמארדעט האט.

**אסנת:** ערקלעהרט אייך דייטליך העלד!

**עזריה:** אין דיינער האנד ליעגט עס גנעדיגע פרינצעססין מיך אוים דיינעם לאנדע צו פערזאגען, אבער פארדערע פאן מיר קיינע ערקלעהרונג, לאסס מיך שווייגען! שווייגען ביז צו איינער גרענצע!

**אסנת:** דיעזע פערטהיידיגונג איזט צו שוואך יונגער מאנן, אונד מיינע פפליכט פערביעטעט מיר, זא איין האהעס אמט דעמיעניגען אנצו־פערטרויען, דער אין איין מארד בעשולדיגט איזט!

**עזריה:** ערהאבענע פרינצעססין! איך פינדע קיינע װארטע! מיין הערץ בלוטעט, דאס איך שאן זא שנעלל פאן איהרעם זא האהען פערטרויען בערויבט װערדען מוסס, אבער גאטט איזט מיין צייגע, דאס איך וויים פאן ניכטס צו זאגען! אין דעם אויגענבליק אלס איך מיינען



פאטער פערלאססען האבע, װאר ער פאללשטענדיג געזונד אונד מונטער. ערשט יעצט האבע איך ערפאהרען, דאס מיין הייסס־געליעבטער פאטער ניכט מעהר לעבט! דער שמערץ דיעזעם פערדאכטעס איזט אבער זא גראסס, דאס איך קיינע טרעהנען אין מיינען אויגען פינדע, אום מיינען אונגליקליכען פאטער בעוויינען צו קעננען, דא אבער דעם העלדען צו וויינען ניכט געציעמט איזט, זא מוסס איך מיך בעהערשען, זעהט אללע איך בין רוהיג, איך שווייגע!

**כהן גדול:** עזריה! שויע מיר גראדע אין דיא אויגען, אונד אנטװארטע קורץ אונד דייטליך, האסטו דיינען פאטער ערמארדעט?

**עזריה:** ניין! (פויזע)

**כהן גדול:** גענוג! (צו אסנת) ערהאבענע פרינצעססין! דוא האסט שטעטס מיינען ראטה בעפאלגט, זא טהוע עס אויך יעצט, אונד זאללטע איך יעצט אים אירטהומע זיין, זא זאלל מיין גרויעס הויפט צו דיינען פיעססען פאללען! שענקע דיעזעם יונגען מאננע דיין פערטרויען, איך שווערע דיר ביי גאטט, דאס ער ...... ער אונשולדיג איזט!

(טראמפעטענשאלל) (אויפטריט תמר לויפט אריין)

**תמר:** גנעדיגע פרינצעססין! איך האבע בעמערקט דאס איינע גראססע מאססע מעננער אונד פרויען, קאממען יובעלנד פאן דעם בארג אהער, איך גלויבע עס איזט דיא לאנג־ערװארטעטע עגיפטישע פרינצעססין.

**אסנת:** היער תמר! נעהמע אונד בעוואכע דאס קינד, אונד איהר מיינע בראווע, זייט פארבערייטעט דיא פרינצעססין מיט פאראדע צו עמפפאנגען.

(טראמפעטענשאלל) (אויפטריט חנינא לויפט אריין ווילד).

**חנינא:** (צו תמר) ביסטו דיא פרינצעססין?

**תמר:** ניין, מיין פריינד! דאס דערוויל נאך ניכט, היער איזט דיא פרינצעססין.

**חנינא:** (קניעט) מיינע גנעדיגע הערשערין! דיא פרינצעססין עניקסאם קאממט.

**אסנת:** שטעה אויף מיין פריינד! ווער ביזטו?

**חנינא:** איך? איך בין איהר ערשטער געגעראל. (מען לאכט) וואס לאכט איהר? רעספעקט! ווייסט איהר ווער איך בין? הא? איך בין, [illegible] אוי...... א שעהן מיידעלע......) ווייסט איהר ווער איך בין? [illegible] אוי זיא געפעלט מיר...... אזא מזל זאל איך האבען) הערט מיך אויס! איהר האט געגען מיר שווער געזינדיגט. איהר האט מיך בעליידיגט. (ציינט אויף תמר'ן) נור איהר צוליעב בין איך אייך אלע מוחל.

**תמר:** פרייא דיך ירושלים דוא האסט נאך א משוגענעם אויף דיין קאפ.

(א געטוממעל — אלע שטעללען זיך אוים).

(אויפטריט יהודית אלס פרינצעססין עניקסאם, מערכען און פאלקי, און זינגען).

וואהלאן קריעגער שנעלל ערוואכט א. ז. וו. (וויא זייטע 23 ביז ענדע).

**אסנת:** (פראזא) זייא מיר הערצליך ווילקאממען אויף יהודהים בארען! דיין בעזוך מאכט מיך שטאלץ אונד גליקליך.

**תמר:** ...... אללמעכטיגער גאטט! וואו איזט דאס קינד? ער איזט נירגענדס צו פינדען.

**אסנת:** אינגליקליכע! וואס איזט מיט דעם קינד געשעהען?

**תמר:** טעדטע מיך פרינצעססין! איך האבע עס פערדיענט! אין דער צייט דעם עמפפאנגעס, האט ער זיך אונבעמערקט אוים מיינען הענדען בעפרייט, אונד יעצט איזט ער נירגענדס צו פינדען.

(מען הערט לעווען ברוממען — תמר לויפט ארויף אויפ'ן בארג און שרייט)

**אללע:** שרעקליך! שרעקליך!

**אסנת:** אללעס שטעהט רוהיג אויף זיינען פלאטץ? ניעמאנד וואגט איינען שריטט צו טהון? היער אין געגענווארט דעם הייליגען כהן גדולים טהוע איך יעצט איין נדר צו גאטט! זייא עס ווער עס ווילל, ווער עס ווירד מיר דאס קינד גאנץ אונד לעבענדיג צוריקבריגגען, דער זאלל אלס בעלאהנונג דאפיר, מיינע האנד אונד מיין הערץ בעקאממען



אונד דער זאלל מיט מיר טהיילען, דאס וואס עס איזט מיר פאן מיינעם פאטער צוריקגעבליעבען.

**כהן גדול:** פרינצעססין אום גאטטעס וויללען! וואס האסטו געטהאן? ווייסטו דען ניכט דאס איין נדר מוסס ערפיללט ווערדען?

**אסנת:** אונד בייא גאטט! איך ווערדע איהן ערפיללען! (זיא לויפט אויפ'ן בארג) אה! וואס בעדייטעט דיעזער יובעל?

(דיא ביהנע ווירד רויט בעלייכטעט)

**אללע:** (שרייען) געראטטעט! געראטטעט!

(עזריה ברענגט אין איין האנד דאס קינד און אין דער צווייטען האנד איין געטעדטעטען לעווען און שטעללט זייא אנידער).

**אללע:** עס לעבע דער גראססע העלד!

**פארהאנג פאלט.**

## ענדע דעם צווייטען אקטעס.



# דריטטער אקט.

(אויפטריט יהודית, הנינא, חנה און מיידלעך)

יהודית: נון מיינע פריינדע, איך בין מיט אייך צופריעדען! איהר שפיעלט אייערע עגיפטישע ראללע אויסגעצייכנעט.

חנה: איך וואלט שוין געוואלט מיר זאללען שנעללער אהיים געהן.

יהודית: ווארום דען?

חנה: וייל איך האב מורא. אז ווען מיר וועלען דא נאך לענגער פערבלייבען, וועל איך מיין חנינא'ן אין גאנצען פערליערען. דער פאלשער! אין דער היים פלעגט ער האלטען אין איין שטארבען נאך מיר, און דא איז ער גאר פלוצים אויפגעשטאנען תחית המתים, און האט אנגעהויבען צו פיהרען שעהנע וועלטען, אבער איך היים חנה'לע!

חנינא: וואס ווילסטו?

חנה: דיר דיא אויגען אויסקראטצען, געדענק חנינא! געדענק!

יהודית: אך זא מיינע ליעבע? דוא ביזט אייפערזיכטיג?

חנינא: וייס איך וואס זיא פלוידערט? זיא האט זיך גלאט ליעב צו פיעסטשען.

יהודית: לאססט מיך מיינע ליעבע יעצט אלליין! צוערסט מוסס איך מיינע ראבע אן דיעזען אבשייליכען מערדער אונד פערפיהרער אויסאיבען, יעצט געהט אללע! (אללע אב אויסער זיא און חנינא מיט חנה)

יהודית: נון יעצט זאגע מיר חנה! ווירסט דוא היער אים האפע גוט בעהאנדעלט?

חנה: יא גנעדיגע הערין! אבער איך האב זעהר פיעל צרות פון מיין חנינא'ן! (צו חנינא'ן) אה, דוא פאלשער קאטער!



יהודית: וואס איזט דען געשעהן?

חנינא: פערשטעהט איהר מיך, מיר זענען דא אין א פרעמד לאנד האט זיא מורא איך זאל מיך חלילה נישט צוקיהלען; איך זאל מיך חלילה נישט איבערעסען.

חנה: ניין נישט דאס! נאר זייט מיר זענען דא, האב איך בעמערקט, אז ער ווארפט אויגען אויף דער פרינצעססין'ס קאממערמעדכען.

חנינא: זאל איך שטארבען!

חנה: דאס מעגסטו סייא ווי סייא, וואס מיינסטו אז איך בין בלינד?

חנינא: בלינד מעגסטו אויך סייא ווי סייא ווערען.

יהודית: פוי! שעהמט אייך! איהר דארפט אייך ניבט צאנקען.

חנה: חנינא דוא זאלסט מיך נישט ברענגען אין כעס אריין וארין......

חנינא: וואס טהו איך דיר? אז יענע גלאצט אויס אויף מיר דיא אויגען גיב איך א קיק, גיט זיא זיך א נייג, גיב איך מיך א מארדעווע אין דער ערד אריין, גיט זיא מיר א קיטצעל, גיב איך א לאך, נוא וואסזשע איז עס פאר אזא חטא? הא?

יהודית: געהט! איך ווערדע אייך שאן צו הויזע פערזעהנען (חנה געהט און חנינא בעגלייטעט זיא מיט געבאללטע פויסטען, זיא גיט זיך א קיק אום, גלכט ער ווא איבערי'ן קאפ).

חנה: לאמיך נאך עפיס זעהן, וועל איך דיר אויסזעטצען דיא ציין. (אב)

חנינא: אוי וועה! מיר דאכט זיך אז דיא ציין שאקלען זיך שוין — איך וואלט געוואלט פראבירען, וואס פאר א פנים א העלד האט אהן ציין, אזא מזל אויף מיין געליעבטער, (מארשירענדיג אב) רעכטס אום — פארווערטס מארש — 1—2—1—2— (אב)

יהודית: (אליין) אה שיקזאל, שיקזאל! איין טרויריגעס שפיעל שפיעלסטו מיט אונז ביידען! דאסזעלבע וואס עס טרעפט מיך, טרעפט אויך מיינען ברודער, ניכט אונז... אך וועה! ווא נעמט מאן קראפט, זא פיעלע שמערצען צו ערטראגען? ביידע מיססען וויר קעמפפען, ביידע מיססען וויר ליידען.

(זינגט וואלצער).

וען דער מענש קלאגט,
דאס איהם געפאהר יאגט,
הער וואס גאט זאגט,
פערצאג נישט קינד
פון הילף אצינד,
איך העלף אין געפאהר,
וואו זיא ביעטעט זיך דאר,
מיין לעבענסזאנגע האט זיך שיער,
מיט וואלקען בעדעקט,
מיין אונשולד איז שיער,
געווארען מיט אונרוף בעפלעקט,
האסטו געשיקט מיין פאטערס גייסט שנעלל,
מיך צו ווארנען אויף ארט אונד שטעלל,
איך בעט דיך גאטט, טרייא,
שטעה מיר יעצט בייא,
יעצט בין איך וויעדער פרייא,
אונד בלייבע דיינער ווארנונג פאטער, טרייא,
נור איין זאך בעט איך בייא דיר גאט,
שטעה מיר אונד מיין ברודער אין דער נאטה
מיין ברודער שטארק דאס הערץ,
שיטצע איהן גאטט פאר שמערץ,
מיין פערפיהרער צו בעזיעגען פרייא,
אך! וויר בלייבען דיר דאפיר טרייא,

(אויפטרים אסנת)

**אסנת:** גריעסט דיך גאטט, פרינצעססין!

**יהודית:** פריעדע צו דיר מיינע ערהאבענע קעניגין!

**אסנת:** דוא האסט מיר פערשפראכען, הייטע דיא עהרע צו [illegible]



אונד מיך בעקאננט צו מאכען מיט דעם צוועקקע דיינעס בעזוכעס.

**יהודית:** (קניעט) גנעדיגע הערשערין!

**אסנת:** דוא בעליידינסט מיך, פרינצעססין! וואס בעדייטעט דיעזע ערניעדריגונג? ביזטו דען ניכט איינע פרינצעססין געבארען גראדע וויא איך?

**יהודית:** ניין! איך בין עס ניכט!

**אסנת:** וואס? ניין?

**יהודית:** קעניגין! איך האבע דען טאדט פערדיענט, וייל איך דיך בעטראגען האבע.

**אסנת:** פרינצעססין! וייב! אדער ווער דוא ביזט, איך וויל דיך פערשטעהען!

**יהודית:** איך בין איין יודישעס מעדכען! צו פריה האבע איך מיין הערץ פערשענקט, איך האבע געליעבט ביז צום וואהנזינן, אונד מיין געליעבטער האט מיך שענדליך בעטראגען.

**אסנת:** וויא שוידער עררעגענד! אונד אימער הערט מאן נור דיא פרויא איזט בעטראגען, אונד וואס איזט אונזערע וואפפע? ליידען אונד טרעהנען; אונגליקליכעס מעדכען איך בעדויערע דיך! אונד וואס ווילסטו טוהן?

**יהודית:** איך וויל אן איהם ראכע נעהמען.

**אסנת:** ראכע? דוא איין שוואכעס וייב? אה ניין מיין קינד! ניכט צו ראכע זינד וויר געבארען, זאנדערן צו ליידען אונד צו שווייגען! יא דאצו! זינד וויר געשאפפען; דאס וייב מוסס נאכגיעביג – מילד – ערגעבען — אונד אונטערטהעניג זיין!

**יהודית:** אונטערטהעניג? דאן ווערדע איך דיא ערסטע זיין, וועלכע דאס געגענטהייל בעווייזען ווירד. ביים גראבע מיינעס פאטערס שווערע איך דיר, דאס איך ווערדע מיך אן איהם רעכען.

**אסנת:** מעדכען! איך בעוואונדערע דיינען מוטה! בלייבע בייא מיר אונד

וואן עס נור מעגליך זיין ווירד, ווערדע איך דיר העלפען, דאך ווער ביזטו? אונד וויא הייסט יענער שענדליכער?

**יהודית:** פרינצעססין! איך ביטטע דיך טרויע מיר נאך איינע קורצע צייט אונד דאס געהיימניסס ווירד ענטדעקט ווערדען!

**אסנת:** אללא גוט, עס זייא!

**יהודית:** דאנקע! טויזענד דאנק פרינצעססין! אה שלאפע רוהיג ליעבער פאטער, דיא שטונדע דער ראכע האט געשלאגען. (אב)

**אסנת:** זעלטענער מוטה! זיא האט מיר אויך קראפט אונד מוטה געגעבען מיינעם גראססען קאמפפע ענטגעגען צו געהן. יא! זיא האט רעכט! אויך דאס וייב מוסס מאנכעס מאהל שטארק, געפאססט אונד ענטשלאססען זיין! (דענקט נאך) איין נדר, דען האבען מענשען אויסגעטראכט, אונד געגען דיעזע, ווערדע איך קעמפפען מיט מיינער גאנצען ענערגיע. (אב)



# פערוואנדלונג.

(איינע וואלד־געגענד).

(אויפטריט חנינא)

**חנינא:** אט דא האב איך זיא בעשטעלט, זיא זאל אויף מיר ווארטען. אוי איז זיא שעהן! אזא מזל זאל איך האבען! וואס דען? פאר אזא העלד וויא איך בין פאסט נישט אפילו צו רעדען מיט אזא משוגענער, וויא דיא קליינשטעדטעלדיגע חנה! ערשטענס, איז תמר א שענערער נאמען, צווייטענס, איז זיא דאך עפּיס פון ירושלים, און דריטענס, איז זיא דאך עפּיס דער פרינצעססין'ס רעכטע האנד, און צוליעב איהר וויא וועל איך נישט ווערען...... איך וויים? לאז זיין א כהן גדול! נוא יא! אבער פאר וואס קומט זיא נישט? איך האב זיא אמישנע בעשטעלט אונטער דער שטאדט, ווייל דיא משוגענע חנה לויפט מיר אימעדים נאך. אוי! מיר דאכט זיך אז זיא קומט!

(אויפטריט תמר מיט א בינטעל בלומען).

**תמר:** מיין העררר! איך האב דא...... געפליקט בלומען...... און בין פערבלאנדזעט געווארען, אפשר ווילט איהר אזוי גוט זיין און מיר ווייזען דעם וועג אין שטאדט אריין?

**חנינא:** (אפארט) א תירוץ פאר דיא בענטשלעכט! (לויט) געוויסס! אויב איהר ווילט קומט מיט מיר וועל איך אייך צייגען! (נעהם צו צו איהר) אוי! תמר?

**תמר:** אה! איהר זענט עס, חנינא?

**חנינא:** יא! איך בין אויך פערבלאנדזעט געווארען.

**תמר:** וואסזשע וועט איהר טהון?

**חנינא:** איך וויים? וועלען מיר ביידע בלאנדזען — איהר ווייסט דאך .....

**תמר:** ניין, איך וויים נישט!

**חנינא:** אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייךְ שוֹין גֶעזָאגְט, אַז ......

**תמר:** אַז וָואס?

**חנינא:** אַז אִיךְ הָאבּ אַייךְ ...... לִיעבּ!

**תמר:** אוּן אִיךְ אַייךְ, אוֹיךְ!

**חנינא:** וָואס? וָואסְזְשֶׁע שְׁטֶעהסְטוּ?

**תמר:** וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן?

(אויפטריט ?נה לוישט)

**חנינא:** גֶעהְם מִיךְ אַרוּם!

**תמר:** וָואסְזְשֶׁע וֶועט זַיין?

**חנינא:** וֶועל אִיךְ דִיךְ צוּ מַיין בְּרוּסְט צוּדְרוּקֶען.

**תמר:** וָואסְזַיי? וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען?

**חנינא:** אַ נַיי ־ו׳ פוּן צַדִיקִים אוּן הֶעלְדֶען! קוּם מַיין קֶעטְצַאלֶע, מַיין זִים תָּמָ־ל.

**תמר:** מַיין טַהייעֶר חֲנִינָאלֶע! (אומארמונג)

**חנינא:** נוּא גָאט זַייא דַאנְק אִיבֶּערְגֶעקוּמֶען! (ערבליקט חנה׳ן) אוֹי חֲנִינָא דוּא בִּיזְט פֶערְלוֹירֶען! גֶעוַואלְד! וִויא נֶעמְט מֶען זִיךְ דֶעם דֶרֶךְ? (ציטטערט)

**חנה:** נוּא? זַייא שוֹין אוֹיס דִיא צַייט!

**חנינא:** קוּקְט אָן אַ פָּאר אוֹיגֶען.

**חנה:** דוּא גֶעהְסְט צִי גֵיין?

**חנינא:** אִיךְ פְּלִיה! (אפאר׳ חֲנִינָא גְרֵייט זִיךְ אָן (אב)

**תמר:** עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט מִיר פְרֵיילֵיין! אִיךְ בִּין נִישְׁט שׁוּלְדִיג, דֶער פַאלְשֶׁער מֶענְשׁ הָאט מִיר נִישְׁט גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז שוֹין פֶערְלָאבְט.

**חנה:** אִיךְ וָואלְט אַייךְ אֲפִילוּ בֶּעדַארְפְט צִיפַּאטְשֶׁען דִיא פִּיסְקֶעס, אַז אִיהְר זָאלְט אַייךְ שוֹין דָאס צְווייטֶע מָאל נִישְׁט טְשֶׁעפֶּען צוּ פְרֶעמְדֶע מֶענֶער.

**תמר:** מִיט וֶועלְכֶען רֶעכְט עֶרְלוֹיבְּט אִיהְר אַייךְ מִיךְ צוּ בֶּעלֵיידִיגֶען?

**חנה:** רֶעכְט אָדֶער נִישְׁט רֶעכְט, אִיךְ וָואלְט אַייךְ אָנְגֶעהַרְגֶעט אוּן ס׳וָואלְט גֶעוֶוען פֶערְפַאלֶען, נוּר הֶער אוֹיס! אִיךְ הָאבּ פוּן דַיינֶעטְוֶועגֶען אַ חָתָן,



**תמר:** אִיז עֶר חָאטְשִׁי שֶׁעהְן?

**חנה:** אוֹי שֶׁעהְן! מָארְגֶען אִין דֶער צַייט קוּם אַהֶער, וֶועל אִיךְ אִיהְם דָא אַהֶער בֶּעשְׁטֶעלֶען.

**תמר:** (אפארט) גֶעבִּיךְ אַ מְשׁוּגֶענֶע! (אב)

**חנה:** (רופט) חֲנִינָא!

(אויפטריט חנינא).

**חנינא:** הַא?

**חנה:** נוּא וָואס זָאל אִיךְ אַצִינְד מִיט דִיר טְהוּן? דַיין גְלִיק אִיז, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ לִיעבּ.

**חנינא:** (האלט זיך ביים א באק) יָא! אִיךְ פִיהְל אוֹיךְ, אַז דוּא הָאסְט מִיךְ לִיעבּ. אִיךְ שְׁוֶוער דִיר בַּייא מַיין בַּאק.

(ביידע זינגען).

I.

**חנה:** חֲנִינָא, דוּא זָאלְסְט מִיר שְׁוֶוערֶען,
יָא, שְׁוֶוערֶען דָא אוֹיף דֶעם אָרְט.
אִיךְ בֶּעפֶעהְל דוּא זָאלְסְט מִיךְ הֶערֶען,
נִישְׁט רֶעדֶען מֶעהְר קֵיין וָוארְט.

**חנינא:** וָואס דַארְפְסְטוּ גָאר אִיךְ זָאל דִיר שְׁוֶוערֶען
דָאס קֶענְסְטוּ מִיר דָאךְ גְלֵייבֶּען,
וִויא לִיעבּ אִיךְ הָאבּ דִיךְ וֶועהְר גֶערְן,
דוּא בִּיזְט מַיין גַאנְץ לֶעבֶּען.

**חנה:** וֶוען דוּא וֶועסְט זַיין מַיין לִיעבֶּער מַאן,
אוּן אִיךְ דַיין ווַייבַּאלֶע,
וֶועל אִיךְ שְׁטֶענְדִיג זַיין גוּט אוּן פַיין,
צוּ דִיר וִויא אַ טַייבֶּעלֶע.

**חנינא:** שְׁטֵיינֶער הַאקֶען וֶועל אִיךְ גֶעהְן,
אַבִּי דִיר בְּרֶענְגֶען גֶעלְד וִויא שְׁטְרוֹי,
נוּר דִיא בַּאקֶען זָאלְסְטוּ וֶועהְן,
נִישְׁט צוּ פַּאטְשֶׁען מֶעהְר אַזוֹי.

**ביידע:** יא, יא, מיר וועגען א גלייך פאר,
אויף מיר און אויף דיר אזא יאהר.
עס וועט דאך זיין שעהן, (ביסס)
מיט זיבעטען חן,
מקנא זיין וועט אונז פון גרום ביז קליין.

II.

**חנה:** תמר'ן האסטו אפשר פערשפראכען,
איהר מאן צו זיין? גאנץ פיין,
דעם קאפ וואלט איך דיר שוין צובראכען,
ווען דאס זאל אמת זיין.
**חנינא:** אוי חנה מיינע פיינע, שעהנע,
וואס טויג דיר דאס געשרייא,
צו וואס דארף איך זוכען נאך איינע,
אז דוא פאטשסטט דאך שוין פאר צווייא.
**חנה:** זייא מיר מוחל קום צו מיר,
מיין ליעבער חנינה'לע,
דאס חיות געהט מיר אויס נאך דיר,
און נאך דיין זים מיענעלע.
**חנינא:** ווען דוא וועסט שוין מעהר נישט שלאגען,
דיין טרייא מאנעלע,
וועלען מיר זיך ביידע גוט פערטראגען
מיין ליעב חנה'לע.
**ביידע:** יא, יא, מיר וועגען א גלייך פאר א. ז. וו.

(טאנץ)



# פערוואנדלונג

(איין רייכער פאלאסט בייא פרינצעססין אסנת).

(דער מאדטער לעווע אויף דער ביהנע).

(אויפטרים אסנת).

**אסנת:** (זיצט אנגעשפארט דיא הענד אויף דעם לעווען) אה דוא ווילדעס טהיער! דוא ערוועקסט אין מיר איינע שרעקליכע עררינערונג! חַ חַ חַ חַ וויא לעכערליך! איין טהיער האט איין טהיער ערשלאגען אונד אנדערען טהיערע וואללען מיך צווינגען, זיך דיזעם טהיערע צו אונטערווערפען!

(אויפטרים תמר)

**תמר:** פרינצעססין! דער העלד עזריה ווארטעט אים פארזאאל.
**אסנת:** ער איזט דא? יעצט? יעצט? איך בין זא אויפגערעגט, זא ערמיעדעט איך האבע קיין מוטה, דאך לאסס איהן קאממען. (תמר אב) מיין הערץ קלאפפט אין איין פורכטבארער שנעלליגקייט, אללע מיינע נערווען ציטטערן, חַ חַ חַ חַ, איך בין גאנץ רוהיג חַ חַ חַ.

(אויפטרים עזריה, אים פאללען גלאנץ).

**עזריה:** אויף אייער בעפעהל פרינצעססין בין איך געקאממען!
**אסנת:** אונד וואס אייגענטליך ערווארטען זיא פאן דיזער צוזאממענקונפט? דענקען זיא פיללייכט, דאס איך ווערדע איהנען צו פיססען פאללע אונד בייא איהנען אום פערצייהונג ביטטען?
**עזריה:** מיט רעכט, זאללטען זיא עס טהון.
**אסנת:** ווירקליך? חַ חַ חַ חַ, אונד ווארום?
**עזריה:** פרינצעססין! איך ביטטע זיא, לאססט מיך ניכט דענקען דאס דער טראהן איזט אים שטאנדע, דאס עהעלסטע הערץ צו פערדערבען.

**אסנת:** אלזא בעפרייט מיך פאן מיינעם שוואורע אונד לאססט אונז עווינע פריינדע בלייבען.

**עזריה:** (צייגט צום לעווען) אונד וואס איזט דאס? וואצו דאס? פרינצעססין,?

**אסנת:** בלאז אלס אנדענקען אן יענעם שרעקליכעם טאגע.

**עזריה:** געבען זיא דאך צו, דאס עס איין שרעקליכער טאג וואר? אונד זיא קענען דאס טעגליך אנזעהן, אהנע פאן אייער געוויססען געפלאגט צו זיין?

**אסנת:** מיינע געוויססען זינד גאנץ רוהיג!

**עזריה:** רוהיג? קענען אייך דיא געוויססען רוהיג בלייבען, וואן איהר זיט איבע־צייגט, דאס דורך אייער לייכטזינניגעם שוואור האט דאס לעבען איינעם מענשען אין געפאהר געשוועבט? קענט איהר רוהיג זיין? וואן איהר בעהאנדעלט זא שלעכט, ... ? דאנקבאר, דעמיעניגען, וועלכער וואר דער רעטטער איינעם לעבענס, וועלכעם אייך טהייערער איזט אלס אייער אייגענעם? (צום לעווען) אה פלוך איבער דיך דוא אבשייליכעם טהיער! ווא וואר דיינע ריעזענקראפט, דאס דוא האסט דיך פאן איינעם שוואכען מענשען פערניכטען לאססען? ווערע איך דען ניכט גליקליכער, הייטע אן דיינער שטעללע צו זיין? שויעט הער! וויא שטאלץ ער מיך בעטראכטעט. אונד אוים זיינען אויגען לעזע איך דען ביטטערן פארוואורף: מענש! איינען לעווען האסטו ערשלאגען אונד אליין ליעגסט דוא, פערניכטעט, פערשפאטטעט אונד אים שטויבע געטרעטען! אונד איהר זאגט, דאסס דאס געוויססען איזט אייך רוהיג? אונד זינד זיא ווירקליך רוהיג? זא וויל איך מיט רעכט געגען אייך אויפטרעטען! איהר האבט געשוואָרען: אונד דיעזער שוואור זאלל ערפיללט ווערדען.

**אסנת:** עס איזט צו פיעל! איך פיהלע מיך געצוואונגען, מיט אייערע אונפערשעהמטהייטען איין ענדע צו מאכען! צווינגען ווילט איהר מיך, דען שוואור צו ערפיללען? צווינגען ווילט איהר מיך. מיינען געליעבטען עזריקם אונטרייא צו ווערדען? דאס ווירד אבער ניע געשעהען! געררייצט האבט איהר מיך שאן גענוג, אונד נון היעטעט אייך, דאס וויב אויך ראזענד צו מאכען. נאך געסטערן וואר איך איין קליינעם קינד, הייטע שאן מאכט מיך דיא צייט צו איינער העלדין, אונד ניעדער מיט דיינען שטאלץ, שקלאווע: איך בין, אונד ווערדע שטעטס דיינע הערשערין בלייבען!

**עזריה:** ניין! ניכט צו איינער פרינצעססין, ניכט צו איינער הערשערין בין איך געקאממען, זאנדערן צו דעם וויבע, וועלכעם איך מיט געפאהר מיינעם לעבענס מיר געוואננען האבע. שמייס הערונטער דיינע קראהנע! שטיינע הערונטער פאן דיינעם טראהנע! וועק מיט דיעזעם גלאנצע פאן גאלד אונד עדעלשטיינע, פראגע אין דיר דאס איינפאכע וויב, פראגע אין דיר דען קלאהרען פערשטאנד אונד דיא ווערדען דיר זאגען, דאס דוא בעהאנדעלסט מיך שרעקליך, שווערהאפט אונד אונדאנקבאר! ווילסט דו עס אבער זעלבסט ניכט פערשטעהען, זא ווערדע איך דיך דאצו צווינגען! קאנסט דוא מיך ניכט ליעבען, זא מוססט דוא מיך רעספעקטירען! בין איך ניכט דיין געליעבטער, זא בין איך דיין געביעטער! הערסט דוא? חַ חַ חַ! שקלאווע האסטו מיך גענאנט? ניעמאלס! ניעמאלס, קאנן דער מאנן צום שקלאווען ווערדען! דאס וויב אבער, מוסס געהארכזאם אונד אונטערטהעניג זיין! האסט דוא געהערט וויב? אונטערטהעניג, האבע איך געזאגט! קניע ניעדער פאר דיינען הערן! אויף דיינען קניען וויב! עס בעפעהלט דיר דיין געביעטער! (ווערפט זיא אויף דיא קניען)

**אסנת:** נון! ווילסט דוא נאך איינען גרעססערען זיעג ערלעבען? היער אים שטויבע צו דיינען פיססען ליעגט דיינע הערשערין אונד וויינט מיט ביטטערע טרעהנען, מענש! מענש! ווילסט דוא דען איינע לייכע צום אלטאר הינשלעפען? עזריה! דוא בעזיטצעסט איין עדלעם הערץ! עזריה! דוא דארפסט מיך ניכט צווינגען:

עזריה! בעפרייע מיך פאן מיינעם שוואור! זייא גראססמוטהיג, זייא בארמהערציג. (וויינט)

עזריה: אללמעכטיגער גאטט; זא פיעל האסס פיר זא פיעל ליעבע......

(מאן הערט אונטער דיא קוליססען א טרויריגע מעלאדיע זינגען גאנץ פיאנא קוים הערבאר אהנע מוזיק) נון, זא טריומפיערע פרינצעססין! דוא האסט דיעזעס אייזענשטארקע הערץ דעם העלדען צערשמאלצען אונד אין טרעהנען ווירד עס ערשטיקט! הערסט דוא? עס קרעכצט דער ווינד, עס שפאלטען זיך דיא פעלזען אונד עס וויינען דיא ענגעל אים הימעל, אללעס בעוויינט דיעזעס שרעקליכעס אונרעכט! אה אסנת! ווייסט דוא? ...... (נעהמט זיא בייא דער האנד אונד פיהרט זיא נעהער צור עספענונג) היער, ביים אללמעכטיגען גאטט, וועלכער רוהט אין דיעזעם היילינען טעמפעל, שווערע איך ...... דוא ביזט פרייא!

(פאזיציאן)

(ביהנע בעלייכטעט)

פארהאנג פאלט.

ענדע דעם דריטען אקטעס.



פיערטער אקט.

(אויפטריט עזריה, יהודית)

יהודית: אונגליקליכער! דוא טראגסט געדאנקען פאן זעלבסטמארד?

עזריה: יא! אונד דיעזעס ווירד אויסגעפיהרט ווערדען, בייא דער צערעמאניע פאן איהרער האכצייט.

יהודית: ניין! ניין! דאס ווירד ניכט געשעהען! מיינע ליעבע מוסס דיךביים לעבען ערהאלטען! האסט דוא דיינע געליעבטע פערלארען, זא מוססט דוא פיר מיך לעבען.

עזריה: איך מוסס? פיר איהנען? לאססט מיך געהן פרינצעססין!

יהודית: עזריה!

עזריה: אה! וועלכע שטיממע? ....

יהודית: קאנסט דוא זא נאהע בייא מיר שטעהען אונד דיין הערץ זאלל שווייגען? עזריה! מיין עזריה!

עזריה: אום גאטטעס וויללען שפריך! ווער ביזט דוא?

יהודית: דיינע שוועסטער!

עזריה: יהודית! .........

יהודית: עזריה! ......... (אומארמונג)

עזריה: יהודית! אונזער פאטער איזט טאדט? (וויינען ביידע) נון גענוג! ערצעהלע מיר, וואס בעדייטעט דיעזע מאסקע? וואס מאכסט דו היער?

יהודית: איך זוכע מיינען בעטריעגער.

עזריה: דיינען בעטריעגער?

יהודית: אונד אויך דען מערדער אונזערעס פאטערס.

**עוריה:** אללמעכטיגער גאטט! איזט ער היער?

**יהודית:** איך האבע איהן געפונדען!

**עוריה:** דאן וועה איהם! יהודית! שוועסטער! זאגע, ווער איזט ער?

**יהודית:** דער ברייטיגאם פאן דיינער געליעבטען!

**עוריה:** ער?

**יהודית:** דער שופט, עזריקם!

**עוריה:** גוט שוועסטער; עס איזט גוט!

**יהודית:** ברודער; דיינען ענטשלוסס האבע איך פאן דיינעם געזיכטע געלעזען! דאך וואנן זאלל עס געשעהען?

**עוריה:** וואנן? הייטע!

**יהודית:** יא, הייטע! (לויפט צו צו איהם) וויר שווערען!

**ביידע:** ביי גאטט! (ביידע אב)





## פערוואנדלונג.

(טעמפעל — פעסטליך געשמיקט).

(אויפטריט פאלק, כהנים, לוים, עוריה, סאלדאטען, אסנת, עזריקם, כהן גדול, חנה און תמר אונטער זייא נעהען נאך מיידלעך)

**קאהר:** דיא פרינצעססין איזט ערשיענען,
אונד איהר ליעבער ברייטיגאם,
אום מיט איהר זיך צו פעראיינען,
אוים דער וייטען פערנע קאם,
אוים דער וייטען פערנע קאם,
וויללקאממען חתן כלה,
וויללקאממען חתן כלה,
בעגריעסט אללע מזל טוב,
בעגריעסט אללע מזל טוב,
זייא אונז געגריעסט דוא גרויסער העלד,
דיין נאמען איזט בעריהמט אין דער וועלט.

**אללע:** האך לעבע דיא פרינצעססין!

**עזריקם:** (צו עוריה) וויר דאנקען אייך העלד פיר דיעזע אויפמערקזאמקייט, אונד צום אנדענקען אן דיעזען גליקליכען טאג, ערהעבע איך אייך צום עהרענמיטגליעד דער קעניגליכען פאמיליע פאן יהודה!

**עוריה:** איך דאנקע אייך פרינץ!

**כהן גדול:** מיין ליעבעם פאלק! הייטע איזט דיא האכצייט אונזערער פרינצעססין אסנת מיט דעם פרינצען עזריקם פאן שומרון, געוויסס וואר אויך גאטטעס רצון דאבייא, דארום מיין פאלק, מוססט איהר דיעזע הייראט אלס איינע געזעטצליכע בעטראכטען, דען דער

גראססמוטהיגע אונד בראווע העלד עזריה, אונזער טאפפערע גבור חיל האט דער פרינצעססין מוחל געוועזען, אונד דארויף געשטיצט האבען דיא סנהדרין דער פרינצעססין'ס נדר מבטל געוועזען.

**איינער:** מיר ווילען עס פון דעם העלדען עזריה אליין הערען!

**אללע:** יא! יא! פון איהם!

**כהן גדול:** אייער פערלאנגען מיין פאלק זאל ערפיללט ווערדען! (צו עזריה געווענדעט) טאפפערער העלד! דוא האסט דען וויללען דעם פאלקעס געהערט? זא ערקלעהרע היער פריא אונד אפפען: האסט דוא מיט דיינעם גוטען וויללען דיא פרינצעססין פאן איהרעם שווארע בעפרייט?

**עזריה:** יא מיין פאלק, איך האבע עס געטהאן!

**אללע:** האך לעבע אונזער טאפפערער העלד! האך!

**כהן גדול:** נון, קאנן דיא צערעמאניע בעגיננען.

**קאהר:** גאטט פאן ישראל פאטער אללער וועזען,
הער דאס געבעט פון אונז אצינד,
זעגנע דיין פאלק, וואס דוא האסט ערלעזען,
פערגיעב אונז יעצט אונזערע זינד,
העלף דיינע קינדער אין דער נויטה,
בעהיט אונז פאטער אויך פון דעם טויט.
אין כאלהינו ואין כאדונינו אמן! אמן! אמן!

**יהודית:** (שרייט פאן דיא קוליססען) האלטעט איין! (שטירצט הערייז) האלטעט איין מיט דיעזער צערעמאניע!

**אללע:** וואס איזט געשעהען?

**יהודית:** נאך דעם יודישען געזעטץ דארף איינע קעניגסטאכטער זיך ניכט פערבינדען מיט דעמיעניגען, דעססען הענדע פאן בלוט בעפלעקט זינד, אונד דיעזער פרינץ, דער איזט איין מערדער!

**אללע:** הא? .......



**כהן גדול:** אונגליקליכע! קאנסט דוא דאס איבערצייגען?

**יהודית:** שאן ביי מיינער אנקונפט האבע איך דער גנעדיגער פרינצעססין ערקלעהרט, דאס איך קיינע עגיפטישע פרינצעססין בין, זאנדערן איין אונגליקליכעס יודישעס מעדכען, וועלכע פאן איינעם עלענדען פיינגלינג בעטראגען וואורדע, דאס אללייז וואר איהם אבער נאך ניכט גענוג, האט ער אויך מיינען אלטען פאטער ערמארדעט.

**עזריקם:** איינע שענדליכע פערלוימדונג!

**כהן גדול:** ווער ביזט דוא מעדכען?

**עזריה:** מיינע שוועסטער!

**עזריקם:** (צו יהודית) אונגליקליכע! דער מערדער דיינעס פאטערס איזט יא דיין איינענער ברודער!

(חנינא לויפט אריין)

**חנינא:** איהר זאגט א גרויסען, א גראבען און א געזונדען ליגען.

**כהן גדול:** יונגע! ווער ביזט דוא?

**חנינא:** איך בין דעם העלד עזריה'ס פאטערס זכרונו לברכה א געוועזענער דיענער. אצינד דארפט איהר אליין פערשטעהן, אז מן הסתם בין איך אליין אויך א העלד, און אזוי האב איך אין איין טאג געהאט א גרויסע מלחמה מיט דיא פאסטעבער פון שומרון, זייא האבען מיר אפילו שטארק צובראכען דיא ביינער, נור דאס כהן גדול בין איך אייך מוחל, און נאך דער מלחמה האב איך מיך ארויפגעדראפעט אויף א בארג, ועהען האב איך אלעס געקענט, נור רעדען און געהען דאס נישט. אזוי האב איך געזעהען, וויא דער אלטער אליעזר איז געזעסען אונטער א בוים, איז דער שעהנער בחור אונטערגעקומען און האט איהם אריינגעשטעקט א מעססער אין ריקען.

**אללע:** שרעקליך! שרעקליך!

**עזריקם:** ביי גאטט! עס איזט איינע ליגע.

**חנינא:** שטיל! דרך ארץ! גראבער יונג, לאז [illegible]! נאך דעם מארד איז ער [illegible] און איהם האט [illegible] געדאכט. [illegible]

ער שטעקט דאס מעסער צוריק אין נארטעל אריין צום סוף איז עס נאר אראבגעפאלען. פאוואלעטשקע, לאנגזאם, האב איך מיך אראבגעדראפעט פונ'ם בארג, און דאס מעסער אויפגעהויבען, און עס בעהאלטען אין בוזעם. (חנינא מיט'ן מעסער פארטרעטענד) און אט דא איז עס!

**אללע:** שרעקליך! שרעקליך! (אסנת וואנקט — כהן גדול האלט זיא)

**עזריקם:** איך בין פערלארען!

**אסנת:** (רייסט איהם הערונטער דיא קראהנע) עלענדער! פארט אוים מיינען אויגען!

**עזריקם:** (וויל געהן, עזריה פערהאלט איהם דען וועג) וואס ווילסט דוא?

**עזריה:** דיך וויא איין הונד ערשלאגען.

**עזריקם:** היטע דיך איינען פערצווייפעלטען נאך מעהר צו רייצען.

**עזריה:** (ציהט דען דעגען) פערטהיידיגע דיך שופט! (ער גיט איהם א זעטץ ער פאלט און שטעהט אויף).

**עזריקם:** דאן שוידערע הימעל! ציטטערע דוא ערדע! שטירמעט אונד בראזעט איהר ווילדע עלעמענטע דער נאטור — איך בין פערצווייפעלט, איך בין ראזענד, איין וואהנזינן פאקט מיך אן, וואהלאן שקלאווע איך פעכטע! (גייסט ערשיינט) וועה מיר! וואס איזט דאס?...... וועק פאן מיר דוא שוידערהאפטעס בילד! אה! דוא ווילעסט מיך פערבלענדען! וועק! וועק! איך האבע דיך ניכט ערמארדעט (ווילד) הא? שאן... שאן....... (פאללט — וויל אויפשטעהען) ניין! ניין! עס איזט נאך ניכט צו ענדע! איך קאן נאך ווייטער פעכטען! (וויל אויפשטעהען און ווייטער פעכטען — פאללט צוריק).

**עזריה:** איך האבע גענוג! ניכט דיך צו טעדטען, ווער מיין ציעל! — יענע שעדעל האבע איך דיר פערוואונדעט, יעצט זאלסט דוא וויא איין וואהנזיניגער הונד אין דיא שטראססען הערומלויפען.

**עזריקם:** איך וואהנזיניג? ניין! ניין! וועק דוא שרעקליכער גייסט! אה דוא ווייסט? צייגסט מיר דיינע וואונדע? איך וויל עס ניכט זעהען.. אך מיינע שלעפען שפאלטען זיך. וואהין שלעפסט דוא מיך? (געהט)



ווארום ברעננסט דוא מיין לייב? ווארום שניידעסט דוא מיין פלייש? יא איך... יא איך געהע... (גייסט נעהמט פארוים — ער לאנגזאם נאך ש ש ש... אב)

**אסנת:** הייליגער כהן גדול שיטצע מיך, בעהאלטע מיך, איך ווערדע דיעזע שאנדע ניכט איבערלעבען.

**כהן גדול:** גאטט ווירד זיך דיינער ערבארמען מיין קינד!

**אסנת:** אה וועה! בעשעהמט אונד ערניעדריגט שטעה איך יעצט פאר גאטט, דען איך געלעסטערט האבע! פערניכטעט שטעהע איך דא פאר מיינעם פאלקע, וועלכעם איך פערשפאטטעט האבע! אה כהן גדול איך בין פערלארען!

**כהן גדול:** דער אללמעכטיגע גאטט, וועלכעם דיינע עלטערן זא טרייא געדיענט האבען, ער ווער דיר גנעדיג מיין קינד! ער האט דיר זיין גוטען שליח אין דער געשטאלט פאן דיעזעם מעדכען געשיקט, אום דיך פאר אונטערגאנג צו רעטטען! איין אויגענבליק שפעטער, אונד דוא ווערעסט צו איהם אויף עוויג פערבונדען, אונד עוויג פערלארען! יא מיין קינד, וויר האבען איינען גוטען גאטט! דארום טהוע תשובה בעט איהם ער זאל דיר מוחל זיין אונד אויך דוא זאללסט דיינען פעהלער בעססער מאכען.

**אסנת:** מיינען פעהלער בעססער מאכען? אונד וויא זא זאלל איך עס?

**כהן גדול:** (נעמט עזריה'ן בייא דער האנד) זיעה היער! בעטראכטע דיעזען עהרליכען אונד בראווען העלדען! ער שמאכטעט נאך דיינער ליעבע דאך בעגראבט ער עס זא העלדיש אונטער זיינער ברוסט פרינצעססין! דער הימעל האט עס אויסגעשפראכען, נדר לד'!

**אסנת:** הייליגער כהן גדול! איך וואגע ניכט איהם אין דיא אויגען צו שויען! איך האבע איהן זא שענדליך בעהאנדעלט.

**יהודית:** ער איזט זא עדעל אונד בראוו, ער ווירד דיר אללעס פערצייהען. ניכט וואהר מיין ברודער!

**עזריה:** אסנת! געליעבטע מיינעם הערצענס!

אסנת: ווער רופט מיך? דוא? אה! עס איזט איין ליעבענדעס הערץ:
אה! איך קאנן מיך ניכט פאססען! איך גלויבע ניכט מיינען אהרען!
דוא וויללסט מיר פערצייהען?

עזריה: אסנת! (אומארמונג)

יהודית: זא ערהעבעט אייערע פאהנען! לאססעט אייערע טראמפעטען
שאללען! דער פיינד איזט געשלאגען — אונד דוא ברודער גראססער
העלד דוא האסט געזיעגט.

אללע: האך! האך! האך!

כהן גדול: הייטע זאלל דער גרעסטע פאראדעטאג זיין. וואס ירושלים
נאך ניע געזעהען האט! יובעלט מיין פאלק, דענן דיא צערעמאניע
זאלל זאפארט בעגיננען.

קאהר: מיט פריידע לויפען וויר צום שטרייט...... א. ז. וו. זייטע 23 ביז ענדע

(דיא ביהנע ווירד בעלייכטעט ראטה)

## פארהאנג פאלט.

## ענדע דער פיעססע.

